פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

ס. בלאגאָיעווא

# דער פאָלקס־טריבון פון שפּאַניע

## דאָלאָרעס איבארורי (פאסיאָנאריע)




פארלאג „עמעס“, מאָסקווע 1937

1936־טער יאָר. די נאַכט פון 18־טן אויף 19־טן יולי. א מעטאַליש געלאַכט קאָל טיילט מיט דורך ראַדיאָ: „איבער גאַנץ שפּאַניע איז א לויטערער הימל". האָט זיך אַרויסגעוויזן, אז דאָס איז געווען דער סיגנאַל צום בונט. א הויפן אָפיצערן—נידערטרעכטיקע פאַררעטער פון היימלאַנד—האָט אויפגעהויבן אַן אויפשטאַנד, ווילנדיק פאַרוואַנדלען די רעפּובליקאַנישע שפּאַניע אין א פאַשיסטישער קאַטאָרגע. פאַר דער גאַנצער וועלט איז גלייך פון אָנהייב אָן געווען קלאָר, אז די דאָזיקע נידערטרעכטיקע זאַך איז פאָרגעקומען מיט דער הילף און מיטן אָנטייל פון די הענקער פון דייטשן און איטאַליענישן פאָלק—מיטן אָנטייל פון היטלערן און מוסאָליני. אלץ, וואָס איז פאַראַן ערלעכעס און פּראָגרעסיוועס אין דער מענטשהייט, האָט זיך גענומען שאַרף צוקוקן צו דעם, וואָס דאָרט קומט פאָר, די אויגן פון גאַנצער וועלט האָבן זיך געווענדט צו שפּאַניע, דער געהער האָט אָנגעשפּיצט אויפגעכאַפּט יעדן קלאַנג און יעדע ידיעה פון דאָרטן. אין דעם אייגענעם טאָג האָט א פרויען־שטים געוואָרפן אין עטער ליידנשאַפטלעכע ווערטער, וואָס האָבן גערופן צום קאַמף און זעלבשוץ:

„אַרבעטנדיקע אַנטיפאַשיסטן, אַרבעטנדיק פאָלק! אַלע אויף די פיס! גרייט זיך אַלע צו פאַרטיידיקן די רעפּובליק, די פאָלקס־פרייהייט און די דעמאָקראַטישע דעראָבערונגען פון פאָלק... מיין רוף: „דער פאַשיזם וועט ניט דורכגיין, ס'וועלן ניט אַדורכגיין די הענקער פון אָקטיאַבער" וועלן די קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן, אַנאַרכיסטן און רעפּובליקאַנער, די סאָלדאַטן און אַלע קרייזן, וואָס זיינען טריי דעם ווילן פון פאָלק, צעבראָכן די פאַררעטער, די בונטאָווטשיקעס, וועלכע האָבן געטראָטן אין בלאָטע און פאַראַכט די מיליטערישע ערע, וואָס זיי ליבן אַזוי שטאַרק... יוגנט! אַן אַלאַרם!

אלע אפ די פיס—אינ שלאכט! פרויענ! העלדישע פרויענ פונ פאָלק, דערמאָנט זיכ דעמ העראָיזמ פונ די אסטורישע פרויענ. קעמפט האנט באַ האנט מיט די מאנצבלענ, צוזאמענ מיט זיי פארטיידיקט דאָס ברויט אונ די רו פונ אײַערע קינדער, וואָס זייער לעבנ געפינט זיכ אינ געפאר. סאָלדאטנ, זינ פונ פאָלק! שטעלט זיכ אנטשלאָסנ, אלע ווי איינ מאנ, אפ דער זײַט פונ דער רעגירונג, אפ דער זײַט פונ די ארבעטנדיקע, אפ דער זײַט פונ פאָלקס-פראָנט, אפ דער זײַט פונ אײַערע מאמעס, ברידער אונ כאווײרימ. מיט זיי צוזאמענ גייט ביזנ ניצאָכנ!"

דאָס האָט גערעדט דאָלאָרעס איבארורי. דאָס פאָלק פונ שפאניע רופט זי פאסיאָנאריע—„לײַדנשאפטלעכ איבערגעגעבענע". איבערכאזערנדיק דעמ רופ, וואָס זי האָט געוואָרפנ: „די פאשיסטנ וועלנ ניט דורכגיינ", — האָבנ זיכ א וואָרפ געטאָנ אינ שלאכט מאנצבלענ אונ פרויענ, אלטע אונ יונגנטלעכע, ארבעטער, פויערימ, די אינטעליגענצ. מיט די דאָזיקע ווערטער אפ די ליפנ גייענ זיי אינ אטאקע, פאלנ זיי, געטראָפנ פונ דעמ סוינעס א קויל. מיט די דאָזיקע ווערטער בויענ זיי איבער די איבערגעבליבענע זייערע רייענ אונ גייענ ווידער אינ שלאכט.

שוינ א יאָר, ווי דאָס שפאנישע פאָלק שלאָגט זיכ פאר זײַנ פרײַהײַט. מיט די ווערטער פונ זײַנ באליבטער דאָלאָרעס: „בעסער שטארבנ שטייענדיקערהייט, איידער לעבנ אפנ די קני", האָט דאָס דאָזיקע חעראָישע פאָלק אויסגעדריקט זײַנ ווילנ צו קעמפנ קעגנ פאשיזמ ביזנ לעצטנ טראָפנ בלוט. שיקנדיק זייערע מענער אפנ פראָנט, באזערג איבער מיליאָנענ שפאנישע פרויענ פאסיאָנאריעס ווערטער: „בעסער צו זײַנ אנ אלמאָנע פונ א העלד, איידער א ווײַב פונ א פאכדנ". אליינ א מאמע, זאָגט זי צוזאמענ מיט די פרויענ פונ שפאניע: „די מאמעס קלאָגנ ניט אפ די טויזנטער געפאלענע זינ. זיי שטאָלצירנ דערמיט, וואָס זיי האָבנ העלדנ געבוירנ"... זיי זײַנענ אליינ גרייט מאקריעוו זײַנ זייער לעבנ פאר דער פרײַהײַטס-זאכ, אָנגעפירט נאָר פונ איינ שטרעבונג: „דער פאשיזמ מוז זײַנ באזיגט".

נאָר צו הילפ דער צעיושעטער שפאנישער באנדע פאשיסטישע רויבער האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ קיינ שפאניע די דײַטשישע, איטאליענישע אונ פאָרטוגאלישע פאשיסטנ מיט טאנקענ, קרייסערס אונ עראָפלאנענ.

אונ ווידעראמאָל האָט זיכ אינ עטער געלאָזט הערנ דאָס לײַדנשאפטלעכע קאָל פונ דאָלאָרעס:

„דעמאָקראַטן פון ענגלאַנד, פראַנקרייך, פון אַלע לענדער! מיט אַלע מיטלען שטערט דער אינטערווענציע אין אונדזער לאַנד... דער קאַמף פון שפּאַנישן פאָלק — דאָס איז אַ קאַמף פונעם פאָלק, וואָס גיט אַ ווידערשטאַנד די פאַרברעכערישע אַטאַקעס פון דער רעאַקציאָנערער מיליטערישער קליקע, דאָס איז אַ קאַמף פאַר שאָלעם קעגן די אונטערצינדער פון מלחמה. העלפט אונדז. זאָל קיינער די האַנט ניט אויפהייבן אויף שפּאַניע. די ענדגילטיקע מאַפּאָלע, וואָס דער פאַשיזם וועט פון אונדז באַקומען, וועט זיין אַ טויט־קלאַפּ איבער דער אַלוועלטלעכער רעאַקציע. העלפט אונדז ניט צו דערלאָזן, אַז די דעמאָקראַטיע זאָל צעטראָמירט ווערן, וואָרעם ס'איז ניטאָ קיין צווייפל, אַז אין פאַל פון אַזאַ צעטראָמירונג וועט אין רעזולטאַט דערפון אויסברעכן אַ וועלט־מלחמה, וואָס מיר אַלע זיינען פאַראינטערעסירט זי צו פאַרמיידן. האַלט אָפּ די האַנט פון די אינטערווענטן".

טויזנטער אַנטיפאַשיסטן אין אַלע לענדער האָבן זיך אָפּגערופן אויפן דאָזיקן רוף פון דאָלאָרעס און האָבן געשיקט קיין שפּאַניע, ביי־קומענדיק אַלע שטערונגען. ס'זיינען געשאַפן געוואָרן די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס. אין אַ ברודער־בונד האָבן זיך אין די דאָזיקע בריגאַדעס צוזאַמען מיטן שפּאַנישן פאָלק פאַראייניקט די בעסטע זין פון דייטשישן, איטאַליענישן, פראַנצויזישן און אַנדערע פעלקער. ס'האָבן זיך פאַראייניקט אַרבעטער און אינטעליגענטן — קאָמוניסטן, סאָציאַליסטן און רעפּובליקאַנער; באַהעפט פון איין ווונטש צו צעטראָמירן דעם פאַשיזם, האָבן זיי זיך אַלע אַריינגעגאָסן אין די רייען פון קעמפנדיקן שפּאַנישן פאָלק. מיט זייער ביישפּיללאָזן העלדנמוט האָבן זיי באַדעקט מיט ניט־וועלקנדיקן רום דעם נאָמען פון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס.

אַזוי פאַרשטייען זייער כבוד די עכטע פאָרשטייער פון די פעלקער.

אָבער די רעגירונגען פון דער טרויעריק־באַרימטער בורזשואַזער דעמאָקראַטיע האָבן קיין פינגער אין קאַלט וואַסער ניט אַריינגעלייגט אום צו העלפן דער העלדישער קעמפנדיקער שפּאַניע. זיי האָבן זיך באַהאַלטן הינטער דער פאָרמולע פון „נייטראַליטעט", געבנדיק פרייע הענט דעם דייטשישן, איטאַליענישן און פּאָרטוגאַלישן פאַשיזם.

דאָלאָרעס איבאַרורי איז אַרויסגעפאָרן מיט אַ דעלעגאַציע פון שפּאַ-

ניע, קעדיי צו דערציילנ די ארבעטער־מאסנ דעמ עמעס וועגנ דער פאשיסטישער אינטערווענציע, דעמאסקירנ פאר דער גאנצער וועלט דאָס ליפערנ פונ דײַטשלאנד, איטאליע אונ פּאָרטוגאליע קריג־מאטעריאלנ אונ סאָלדאטנ פאר דעמ מערדער פראנקאָ, וואָס ווערט צוגערעכט מיט דער קאָמעדיע פונ „ניט־אַרײַנמישונג". אינ פראנקרײַכ — אינ פאריז האָבנ זי געזעענ אונ געהערט די ברייטסטע מאסנ. אונ קיינמאָל וועלנ זיי ניט פארגעסנ די הויכע, שלאנקע פרוי מיט די פייערדיקע אונ טיפע שווארצע אויגנ, קיינמאָל וועלנ זיי ניט פארגעסנ איר אויסדריק־פול, באַגײַסטערט פּאָנעם, באזוימט מיט די שווארצע, גלאַט צוגעקאַמטע האָר, איר אויפרעגנדיק־פארכאַפּנדיקע רעדע. א לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פונ דער לײַדנדיקער אונ קעמפנדיקער שפּאניע, האָט דאָלאָרעס אזוי געזאָגט צו די פראנצויזישע ארבעטנדיקע מאסנ:

„מיר זײַנענ געקומענ צו דיר, פאָלק פונ פאריז, וואָס דו האָסט אײַנגענומענ די באסטיליע אונ געשלאָגנ זיכ פאר דער זאַכ פונ דער קאָמונע... מיר דאַרפנ האָבנ עראָפּלאנענ... מיר דאַרפנ האָבנ קוילנוואַרפער... מיר דאַרפנ האָבנ האַרמאטנ... דאָס פאָלק פונ דעמ דעמאָקראַטישנ פראנקרײַכ, דאָס פאָלק, וואָס האָט געקעמפט פאר פרײַהייט אונ מענטשנ־רעכט! דאָס גאַנצע פאָלק פונ שפּאניע: די סאָציאליסטנ, קאָמוניסטנ, אנארכיסטנ — אלע האָבנ זיכ גענומענ פארנ געווער קעגנ פאשיסטישנ בונט. די פאשיסטנ וועלנ ניט דורכגיינ... דאָס שפּאנישע פאָלק וועט זיגנ, וואָרעמ עס קעמפט פאר זײַנ אידעאל. שעצנדיק די סימפּאטיעס אונ סאָלידאַרישקייט פונ דעמ פראנצויזישנ פאָלק, האָט זיכ אָבער דאָס שפּאנישע פאָלק מיט צאַר דערוווּסט, אז די רעגירונג פונ דעמ דאָזיקנ לאנד קומט ניט צו הילפ דער געזעצלעכער רעגירונג פונ שפּאניע... פראנצויזישע מוטערס, פראנצויזישע פרויענ, היט זיכ! הײַנט מיר, מאָרגנ וועט קומענ אײַער ריי. העלפט אונדז, זאָלנ אײַערע מענער אונדז געבנ געווער — העראָיזמ אליינ איז נאָכ קנאַפּ אינ אונדזער קאַמפּ. מיר מוזנ נייטיק האָבנ ביקסנ, עראָפּלאנענ אונ האַרמאטנ, קעדיי צו קעגנשטעלנ זיי די קרעפטנ פונ די פאשיסטישע בונטאָווש־שטשיקעס. מיר פאַרטיידיקנ די זאַכ פונ פרײַהייט אונ שאָלעמ. מיר מוזנ האָבנ געווער פאר אונדזער קאַמפּ".

די באַגײַסטערטע רעדע פונ דאָלאָרעס — וועלכע איז א לעבעדיקע פאַרקערפּערונג פונ דער דרייסטקייט אונ דעמ העלדנמוט פונ די קעמפער

קעגנ פאַשיזמ — האָט געפונענ אַ לעבעדיקנ אָפּקלאַנג אינ די מיליאָניקע מאַסנ פונ פראַנצויזישנ פאָלק. זיי האָבנ באַפוילעריש געפאָדערט: „האַרמאַטנ און אַעראָפּלאַנענ פאַר שפאַניע".

* * *

ווער איז אונדז באַקאַנט — די ראָזיקע פרוי, וואָס רופט אַזוי ליידנשאַפטלעכ די אַנטיפאַשיסטנ פונ גאָרער וועלט צומ קאַמפ קעגנ פאַשיזמ, וואָס קאָנ ריידנ מיט מיליאָנענ מענטשנ, אויסדריקנדיק זייערע געדאַנקענ און האָפענונגענ, אָנצינדנדיק זיי צומ העראָישנ קאַמפ קעגנ פאַשיזמ? זי איז אַ טאָכטער פונ אַ באַרג-אַרבעטער. זי איז געבוירנ דעמ 9-טנ דעקאַבער 1895-טנ יאָר אינ דער שטאָט גאַלאַרט ביסקײַער פראָווינצ — איינע פונ די נאַציאָנאַל-אונטערדריקטע פראָווינצנ אינ שפאַניע. די ליידנ פונ די פאָלקמאַסנ, וועלכע האָבנ זיכ געפונענ אונטערנ יאָכ פונ דער בורזשואַז-פריצישער פאַרשקלאַפונג, אינ דער קאַמפ פונ די ראָזיקע מאַסנ קעגנ דער פאָליטישער און נאַציאָנאַלער אונטערדריקונג האָבנ אויסגעוואַקסנ אינ דער יונגער דאָלאָרעס די אייגנשאַפטנ פונ אַ פלאַמיקנ קעמפער און רעוואָלוציאָנער.

די קינדהייט פונ דאָלאָרעס איז אַריבער אינ אַ שטיבל, וואָס האָט זיכ געפונענ בא דער אַראָפּנידערונג אינ דער שאַכטע, וועלכע פלעגט טאָגטעגלעכ אינ דער געשפענסטיקער פינצטערניש איינשלינגענ אירע נאָענטע מענטשנ און אָפּהאַלטנ זיי דאָרטנ ביז שפעט אינ דער נאַכט. די אויפרייסנ פונ דינאַמיט אינ דער טיפעניש פונ דער שאַכטע, פונ וועלכע עס פלעגט ציטערנ ווערנ דאָס שטיבל און עס פלעגנ נעמענ איינפאַלנ די ווענט פונ די שאַכטעס, וואָס האָבנ פאַרשלונגענ צענדליקער לעבנס פונ נאָענטע מענטשנ, זיינענ געווענ דאָלאָרעס וויגליד. פונ די קינדערשע יאָרנ אָנ האָט זי זיכ אויסגעלערנט פאַרשטיינ די באַדײַטונג פונ די רויטע פענדלעכ און פונ דעמ דרײַמאָליקנ סיגנאַל פאַרנ אויפרײַסנ דעמ דינאַמיט, כדי יעדעס מאָל דערנאָכ אייננעמענ מיט די איבעריקע פאַמיליעס פונ די באַרג-אַרבעטער וואַרטנ אָפּ די רעזולטאַטנ פונ אויפרײַס. פיל, צופיל צאָרעס און אָרעמקייט, אַלמאַנעס, יעסוימימ און צעקאַליעטשעטע לעבנס האָט זי געזענ, אַז זי זאָל עס קאָנענ ווענ-עס-איז פאַרגעסנ און מוחל זײַנ.

די ערשטע שול פונ קלאַסנ-באַוווּסטזײַנ איז דאָלאָרעס דורכגעגאַנגענ אינ דער אייגענער היימ. דאָ האָט זיכ געפונענ דער צימער פונ אַרבע=

טער=קלוב, דער אזויגערופענער „ארבעטער=צענטער“. אינעמ דאָזיקנ צימער פלעגנ זיכ יעדנ אָוונט צונויפקלייבנ די שאַכטיאָרנ, דאָ פלעגנ זיי באהאנדלענ די שווערע באדינגונגענ פונ זייער ארבעט, פלעגנ אָנמערקנ די מעטאָדנ פונ קאמפ קעגנ דער אומבאגרענעצטער עקספּלואטאציע פונ די אונטערנעמער. אינ דעמ דאָזיקנ קאפּצאָנעסדיקנ בארג=ארבעטער=קלוב האָט זיכ דאָלאָרעס באקאנט דורכ די דערציילונגענ פונ די אָרגאניזאטאָרנ אונ אָנטיילנעמער מיט דער געשיכטע פונ העראָישנ קאמפ פונ די ביסקייִשע ארבעטער. דאָ האָט זי זיכ אויכגעלערנט צו קוקנ מיט אנציקונג אפ דער רויטער פאָנ פונ דער ארבעטער=אָרגאניזאציע, וועלכע איז געשטאנענ אינ אלמער לעבנ די פאָטאָגראפיעס פונ דער פאריזער קאָמונע.

אז דאָלאָרעס האָט געענדיקט די אָנפאנגשול, האָט זי צוויי יאָר זיכ געלערנט געניי בײַ א שנײַדער. דערנאָכ, ווי די גרעסטע מערהייט טעכטער פונ די שפּאנישע בארג=ארבעטער, איז זי אוועק אלס ארבעטערנ צו א גוויר אינ שטוב. דאָס ביטערע ברויט פונ דער דאָזיקער סאמע שקלאפישער ארבעט פונ אלע מינימ לוינ=ארבעט אינ דער קאפּיטאליסטישער וועלט האָט דערגאנצט די אנטוויקלונג פונ קלאסנ=באוווּסטזײַנ בײַמ יונגנ מיידל. די באקאנטשאפט מיט א יונגנ בארג=ארבעטער א סאָציאליסט, וואָס איז דערנאָכ געוואָרנ איר מאנ, האָט ענדגילטיק באשטימט איר ווײַטערדיקנ לעבנס=וועג. צוליב אָט דער פארבינדונג מיט א סאָציאליסט, מיט א מענטשנ, וואָס איז אויסשליסלעכ איבערגעגעבנ דער רעוואָלוציע, האָט זי געמוזט אײַנרײַסנ מיט איר קאטוילישער פאמיליע.

די שפּורנ פונ דער קאטוילישער דערציונג, וואָס זי האָט באקומענ אינ דער פאמיליע, זײַנענ גיכ אָפּגעווישט געוואָרנ. די לערע פונ מארקס—די טעאָריע פונ וויסנשאפטלעכנ סאָציאליזמ — האָט געעפנט פאר דער יונגער דאָלאָרעס א נײַע, א פארכאפנדיקע וועלט פונ קאמפ. זי האָט זשעדנע געשלונגענ איינע נאָכ די אנדערע די מארקסיסטישע ביכער, וועלכע זײַנענ געווענ אינ דער ארבעטער=ביבליאָטעק. שוינ אינ 1916=טנ יאָר האָט די אָרטיקע פארטיי=אָרגאניזאציע גוט געוווּסט, אז אינ די סאמע ריזיקאלישע אונ פאראנטוואָרטלעכע אָנגעלעגנהייטנ קאָנ מענ זיכ פארלאָזנ אפ דער יונגער דאָלאָרעס. צוגרייטנדיק אנ אלגעמיינעמ שטרייק, וועלכער האָט געטראָגנ דעמ כאראקטער פונ אנ אויפשטאנד, האָט די פארטיי=אָרגאניזאציע צוגעצויגנ זי צו דער וויכטיקסטער ארבעט אפ

צו באַזאָרגנ די אַרבעטער מיט געווער. דער אַרעסט פונ איר מאַנ, וועל-
כער האָט זיכ באַטייליקט אינעמ שטרײַק, דער הונגער אונ דאַלעס, די
וואָכיקע טעג פונ אַנ אַרבעטלאָזער אַרבעטער-פאַמיליע האָבנ ניט דער-
שראָקנ דאָלאָרעס. גראָד דעמלט האָט זי אויסגעפורעמט איר מיטגליד-
שאַפט אינ דער אָרטיקער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע אינ סאָמאָ-
ראָסטראָ (ביסקײַע). דעמלט האָט זיכ אויכ אָנגעהויבנ איר זשורנאַליס-
טישע טעטיקייט. דער קריגערישער כאַראַקטער פונ אירע ערשטע אַר-
טיקלענ אונ קאָרעספּאָנדענצנ האָט פּולקומ באַרעכטיקט איר צונאָמענ
„פּאַסיאָנאַריע". די דאָזיקע ערשטע אַרטיקלענ זײַנענ ניט געווענ פול-
קומ לויט דער פאָרמ, זיי האָבנ זיכ אָבער שטענדיק אויסגעצייכנט מיט
דעמ טיפנ געפיל פונ עמעסדיקייט אונ אופריכטיקייט, וואָס האָט קיינ-
מאָל ניט פאַראַטנ דאָלאָרעס. ס'איז ניטאָ קיינ איינ סאָציאַליסטישע צײַ-
טונג פונ יענע יאָרנ, וועלכע זאָל ניט האָבנ געדרוקט איבעראורים קאָ-
רעספּאָנדענצנ, ס'איז ניטאָ קיינ איינ אַרויסטרעטונג פונ די אַרבע-
טער, ווו איר שטימ זאָל ניט קלינגענ. איר אײַנפלוס בײַ די באַרג-אַר-
בעטער פונ ביסקײַע איז שנעל געוואַקסנ. זי האָט פּאַקטיש אָנגעפירט
מיטנ סאַמע שטאַרקנ ביסקײַישנ פּראָפּאַריינ פונ די באַרג-אַרבעטער,
ניט געקוקט אויפ דעמ, וואָס די דעמלטיקע סאָציאַליסטישע פי-
רער האָבנ זי ניט געלאָזט צונעמענ אינ פּראָפּאַריינ. קיינע שטערונגענ
פונ די סאָציאַליסטישע פירער האָבנ ניט געקאָנט פאַרניכטנ איר אײַנ-
פלוס.

די סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער-רעוואָלוציע פונ 1917-טנ יאָר
אינ רוסלאַנד האָט געהאַט אַנ אויסשליסלעכע ווירקונג אויפ דער אַנט-
וויקלונג פונ דער יונגער רעוואָלוציאָנערקע. זינט די ערשטע טעג פונ-
נעמ ניצאָכנ פונ רוסישנ פּראָלעטאַריאַט ווערט זי א הייסער אונ איבער-
צײַגטער פּראָפּאַגאַנדיסט פונ דער סאָציאַליסטישער אָקטיאַבער-רע-
וואָלוציע, א פאַרטיידיקער אירער, א לײַדנשאַפטלעכער דעמאַסקירער פונ
יעדנ איינציקנ, וועלכער האָט געוואַגט טרײַבנ רעכילעס קעגנ איר. אינ
1920-טנ יאָר האָט די גאַנצע סאָציאַליסטישע גרופּע פונ סאָמאָראָסטראָ,
צו וועלכער זי האָט געהערט, איינע פונ די ערשטע אָנגעשלאָסנ זיכ צו
דער גרופּע פונ דעמ דריטנ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע
האָט זיכ דעמלט געשאַפנ אינ מאַדריד. אונ ווענ איבער א יאָר איז פאָר-
געקומענ די שפּאַלטונג אינ דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, איז דאָלאָ-
רעס געוואָרנ איינע פונ די גרינדער פונ דער קאָמפּאַרטיי.

דאָלאָרעס פלעגט אומעטומ, וווּהינ זי זאָל ניט קומענ, באַווייזנ מיט איר פערזענלעכנ ביישפּיל דעמ הויכנ מוסטער פונ א קאָמוניסט. צוזאַמענ מיט איר אייגענעמ אידייִישנ וווּקס איז פונ יאָר צו יאָר געוואַקסנ אויכ איר פּאָפּולערקייט אינ די מאַסנ. די ערשטע האָבנ דערקענט אונ אָפּגע־שאַצט דאָלאָרעס אַלס אומדערשראָקענעמ קעמפער, פלאַמיקנ רעדנער, פילבאַרנ באַוער די אַרבעטער פונ ביסקײַע, דערנאָכ האָט זי דערקענט גאַנצ שפּאַניע, אַצינד — די גאַנצע וועלט.

די קאָמוניסטנ אונ סאָציאַליסטנ, אַלע אַרבעטנדיקע פונ בילבאָ דער־ציילנ, וויאַזוי דאָלאָרעס האָט דעמ ערשטנ מײַ פונ 1931־טנ יאָר, אינ די ערשטע טעג פונ דער רעפּובליק, ווענ די פּאָליציי האָט געפּרוּווט מיט נאַהײַקעס אונ קוילנ צעטרײַבנ די מאַניפעסטאַציע, וואָס די קאָמפּאַר־טיי האָט אָרגאַניזירט, — וויאַזוי זי האָט הויכ אויפגעהויבנ די פאָנ אונ א לאָז געטאָנ זיכ פאָרויס, מיטציִענדיק מיט זיכ די מאַסע, אונ האָט דורכגעפירט די דעמאָנסטראַציע איבער אַלע גאַסנ פונ דער שטאָט.

דערשרעקנדיק זיכ פאַר דער וואַקסנדיקער פּאָפּולערקייט פונ דאָלאָ־רעס, האָט זיכ די שפּאַנישע רעאַקציע דערמאָנט, אַז ס׳איז פאַראַנ קעגנ איר אַנ אַלטע באַשולדיקונג אינ אויסבאַהאַלטנ א רעוואָלוציאָנער, נאָכ וועלכנ ס׳האָבנ זיכ געיאָגט די זשאַנדאַרמענ. דאָלאָרעס האָט מענ אַרעס־טירט אינ מאַדריד, ווו זי האָט דעמאָלט געאַרבעט אינ דער רעדאַקציע פונ צענטראַל־אָרגאַנ פונ דער קאָמפּאַרטיי „מונדאָ אָברעראָ“. מיטנ עטאַפּ האָט מענ זי אָפּגעשיקט קיינ בילבאָ. איר האָט געדראָעט 18 יאָר טפּי־סע. אָבער דער קלאַנג וועגנ דעמ, אַז פּאַסיאָנאַריע איז אינ טפּיסע, האָט אויפגעהויבנ אָפּ די פיס די גאַנצע אַרבעטער־באַפעלקערונג פונ ביס־קײַע. דער פאַל, פאַר וועלכנ מע האָט זי צוגעצויגנ צו פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט, איז געווענ גוט באַוווּסט אונ האָט אַרויסגערופנ די סאַמע הייסע סימפּאַטיעס צו דאָלאָרעס. באַזונדערס זײַנענ געווענ אויפגערעגט די אַנאַר־כיסטישע אַרבעטער, זיי האָבנ אַלעמענ דערציילט, וויאַזוי די קאָמוניסט־קע דאָלאָרעס האָט געראַטעוועט זייערנ א פאַרוווּנדעטנ באַוער. זי איז צוויי קילאָמעטער געלאָפנ נאָכנ פּאָליציאַנט, וועלכער האָט קאָנוואָירט דעמ אַרעסטירטנ, וואָס מ׳האָט אימ אַרויסגעשיקט פונ דער געגנט, אונ אַרויסגעריסנ אימ בײַ די זשאַנדאַרמענ פונ די הענט. זי האָט אימ אויס־באַהאַלטנ בײַ זיכ אינ שטוב, ביזוואַנענ די אַנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציע האָט פאַר אימ געגרייט א זיכערע קוואַרטיר. די קאַמפּאַניע, וועלכע האָט זיכ פאַנאַנדערגעוויקלט קעגנ באַשולדיקנ דאָלאָרעס אינ אָט דעמ „פאַר־

ברעכנ״, האָט אַנגענומענ אזא פאַרנעמ, אז דער געריכט איז געווענ געצווונגענ אָפּצוּוואַרפנ די פאָדערונג פונ פּראָקוראָר, אונ דאָלאָרעס איז באַפרייט געוואָרנ.

נאָכנ דאָזיקנ ערשטנ ארעסט אונ פּראָצעס זיינענ געקומענ נאָכ אַרעסטנ אונ פּראָצעסנ פאַר אירע דרייסטע, מוטיקע ארויסטרעטונגענ. אָבער די פאַרפאָלגונגענ האָבנ ניט געקאָנט דערשרעקנ דאָלאָרעס. זי האָט פאַרטאָפּלט איר ענערגיע, זי באַווייזט זיכ אומעטומ, קעריי צו באַגייסטערנ די מאַסנ צומ קאַמפּ. אינ 1932=טנ יאָר קלינגט איר פלאַמיק וואָרט אויפנ מיטינג, וואָס די קאָמוניסטישע יוגנט האָט צונויפגערופנ אינ מאַדריד אלס צייכנ פונ סאָלידאַרישקייט מיט די יונגע סאָלדאַטנ, וועלכע האָבנ אָרגאַניזירט אינ דער צייט פונ די שלאַכטנ פאַר דער רעפּובליק אינ 1931=טנ יאָר א סאָלדאַטישנ קריגס=ראַט אינ סאַנ=סעבאַסטיאַנאָ. זי ווערט ווידער ארעסטירט אונ עס דראָעט איר 9 יאָר טפיסע. די אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ מאַדריד אונ אַנדערע שטעט אונ דערפער פונ שפּאַניע רייסנ ארויס בא דער רעגירונג אַנ אַמניסטיע, אונ דאָלאָרעס איז ווידער אויפ דער פריי.

אויפ דער פרייהייט אָדער אינ דער טפיסע—פּאַסיאָנאַריע איז שטענדיק אַנ אָרגאַניזאַטאָר פונ קאַמפּ. די אַדמיניסטראַציע פונ דער מאַדרידער טפיסע, וו זי איז אָפטער פונ אַלצ געזעסנ, געדענקט גוט אָט די דאָזיקע פלאַמיקע קאָמוניסטקע, וועלכע האָט געקענט באַהעפטנ ארומ זיכ אַלע ארעסטירטע אונ דערשלאָגנ זיכ, אז מע זאָל צופרידנשטעלנ זייערע פאָדערונגענ צו פאַרבעסערנ דעמ רעזשימ אינ דער טפיסע.

אינ 1934=טנ יאָר אינ אַסטוריע האָבנ די אַרבעטער—די קאָמוניסטנ, סאָציאַליסטנ אונ אַנאַרכיסטנ—אויפגעהויבנ זיכ מיט געווער אינ האַנט קעגנ דער פּראָוואָקאַציע פונ דער רעגירונג פונ לערוס—כיל ראָבלעס, קעגנ דעמ אָנגרייפנדיקנ פאַשיזמ, קעגנ די פּרווונ אײנצושטעלנ די פאַשיסטישע דיקטאַטור. זיי האָבנ געקעמפט מיט אַנ אומגעזעענעמ העלדנמוט, נאָר זיי האָבנ געליטנ א מאַפּאָלע. די בורזשואַז=פּריצישע מיליטערישע קליקע אינ פּערזאָנ פונ דעמ גענעראַל לאָפּעס אָטשאָא האָט זיכ אַבזאָריעסדיק נוקעמ געווענ אָנ זיי. צענדליקער טויזנטער דערשאָסענע, צעקוילעטע, 30 טויזנט רעוואָליוציאָנערנ אינ די טפיסעס, הונדערטער אינ די בערג, אינ עמיגראַציע. די קאָמפּאַרטיי איז פאַריאָגט געוואָרנ אינ אונטערערד.

אינ די דאָזיקע בלוטיקע נאָכאָקטיאַברישע טעג האָבנ די אַסטורי=

שע באַרג-אַרבעטער, די ווײַבער אונ די קינדער פונ די געפאַלענע, עמיגרירטע אונ אַרעסטירטע קריגער געזוכט דאָלאָרעס בא זיכ. די קאָמפּאַרטײ האָט גערופנ אָרגאַניזירנ דעמ פאָלקס-פראָנט אַפ צו פּאַרטײדיקנ די אַרעסטירטע אַסטורישע קריגער. דאָלאָרעס איז געוואָרנ די נעשאָמע פונ אָט דעמ קאַמפ. דאָס איז זי געשטאַנענ אינ דער שפּיצ פונ דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געשאַפנ געוואָרנ אינ גאַנצ שפּאַניע, אַפ צו העלפנ זײערע קינדער, דאָס איז זי אַוועק קײנ אַסטוריע, וואָס איז דאַנ אָפּגעגאַנגענ מיט בלוט אונ איז אָבער ניט געווענ אײַנגעבראָכנ, כּדי צו אָרגאַניזירנ הילפ פאַר די כאַווײרימ אינ די טפיסעס אונ עוואַקוירנ די קינדער. איר האָט זיכ אײַנגעגעבנ צוצוקומענ צו די אַרעסטירטע אינ ברענגענ זײ ווערטער פונ מוט אונ האָפענונג. זי האָט באַוויזנ צו אָרגאַנירנ דאָס איבערשיקנ די קינדער קײנ מאַדריד. מ'האָט זי אַרעסטירט אינ אָוויעדאָ. די יעדיע וועגנ איר אַרעסט האָט אויפגעהויבנ אַפ די פיס, ווי פריער אינ ביסקײַע, דעמ גאַנצנ אַרבעטנדיקנ מאַדריד. טויזנטער מענטשנ פונ אַלע פּאָליטישע ריכטונגענ האָבנ אַפנ רופ פונ דער קאָמפּאַרטײ אָנגעפילט די גאַסנ אַפ צו פּאַרטײדיקנ דאָלאָרעס, פאָדערנדיק, אַז מ'זאָל זי טײקעפ באַפרײַענ. די מאַכט איז געווענ געצוווּנגענ אָפּצוטרעטנ — פּאַסיאָנאַריע איז געוואָרנ באַפרײַט.

פונ יענער צײַט האַלטנ די פאָלקמאַסנ, אַז דאָלאָרעס איז זײערע אַנ אײגענע דעראָבערונג, אונ היטנ וואַכזאַמ אַפ יעדנ טראָט אירנ.

* * *

מיט איר קאַמפ קעגנ מילכאָמע אונ פאַשיזמ האָט דאָלאָרעס באַוויזנ צו געווינענ די סימפּאַטיעס, די אַנציקונג אונ דעמ אויטאָריטעט בא די ברײטסטע פרויענ-מאַסנ — ניט נאָר צווישנ די אַרבעטערנס, נאָר אויכ צווישנ די פרויענ פונ די קלײנבירגערלעכע שיכטנ. זי האָט באַוויזנ צו באַהעפטנ זײ אַרומ דעמ קאָמיטעט פאַרנ קאַמפ קעגנ מילכאָמע אונ פאַשיזמ, זי האָט זײ מיטגעצויגנ אַפ דער ערשטער אינ שפּאַניע מאַסנווער פרויענ-דעמאָנסטראַציע אינ מאַדריד קעגנ דעמ דעקרעט וועגנ דער מאָביליזירונג פונ די רעזערוויסטנ (סענטיאַבער 1934-טנ יאָר).

אינ 1936-טנ יאָר אינעמ טאָג פונ 8-טנ מאַרט, אינ דעמ אינטערנאַציאָנאַלנ קאָמוניסטישנ פרויענ-טאָג, זײַנענ 80 טויזנט דעמאָנסטראַנטנ געגאַנגענ אונטער די לאָזונגענ פונ דער שפּאַנישער קאָמפּאַרטײ וועגנ באַפרײַענ די אַרבעטנדיקע שפּאַנישע פרויענ פונ דעמ שווערנ יאָכ פונ דער

פּריציש־קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, קעגנ דער געפאַר פונ פאַשיזמ אונ מילכאָמע. די דאָזיקע מאַסנ האָט באַגײַסטערט דאָלאָרעס.

בײַמ דער לעצטער וואַל־קאַמפּאַניע אינ די קאָרטעסנ (דעמ שפּאַנישנ פּאַרלאַמענט) אינ פעברואַל 1936־טנ יאָר האָט זיכ דאָלאָרעס אַמ אָנצאָליקע מיטינגנ געווענדט צו די פרויענ־מאַסנ מיט פלאַמיקע ווערטער:

„צו אײַכ, שוועסטער לויטנ קלאַס, וועלכע ווייסנ, פּונקט ווי איכ, די פינצטערע טעג אָנ ברויט אונ אָנ פײַער, דעמ צאַר פונ קינדער, הונגעריקע אונ קראַנקע צוליב דאַכקעס אונ אָרעמקײַט, די שווערקײַט אונ ביטערקײַט פונ לעבנ פונ די ווײַניק באַלוינטע אַרבעטער, די אַרבעטלאָזיקײַט, וואָס פילט אָנ מיט אומרו אונ פאַרצווייפלונג די היימ פונ דעמ האָרעפּאַשניק, צו אײַכ, באַוויירימ לויטנ אַנטיפאַשיסטישנ קאַמפּ, פרויענ פונ דער קלײנער אונ מיטעלער בורזשואַזיע, וועלכע טרוימענ, פּונקט ווי אַלע פרויענ, וועגנ אַ רויִק אונ קעשורעדיק לעבנ פאַר זייערע נאָענטע, באַזונדערס פאַר די קינדער, — אויכ צו אײַכ איז געווענדט מײַנ הארציקער רופ, דער רופ פונ אַ פרוי אונ מוטער, וואָס דורשט, פּונקט ווי איר, צו מאַכנ אַ סאָפ צו דער אומגערעכטיקײַט אונ געבנ אונדזער לאַנד די סאַמע הומאַנישע אונ גערעכטיקע סאָציאַלע אָרדענונג...

פרויענ! אַרבעטערנס! פאַרנעמט אײַערע ערטער אינ קאַמפּ אָפ דער זײַט פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי צוזאַמענ מיט די, וואָס קעמפנ דערפאַר, אַז די ערד זאָל באַקומענ דער, וואָס אַרבעט אָפ איר, וואָס קעמפנ פאַר ברויט פאַר אַלע האָרעפּאַשניקעס, פאַר שאָלעמ אונ פאַר וווילזײַנ פונעמ גאַנצנ אַרבעטס־פאָלק... אַלע מאַמעס, פרויענ, צומ קאַמפּ אָנ קיינע וואַקלעניִשנ! צו אונטערדריקנ די, וואָס פאַרטיידיקנ זייער רײַכטומ, וואָס איז געשאַפנ געוואָרנ מיטנ שווייס אונ מי פונ פאָלק! שטימט פאַרנ פאָלקס־פראָנט. פאַר דעמ, אַז דער טאָג פונ 16־טנ פעברואַל זאָל ווערנ אַ טאָג פונ ניצאָכנ איבער די קויכעס פונ דער רעאַקציע אונ פאַשיזמ. פאַר פראָגרעס אונ פרײַהײַט!“

אינ אָט די טעג פונ אָנהייב 1936־טנ יאָר האָט זי צוזאַמענ מיטנ גענעראַל־סעקרעטאַר פונ דער קאָמפּאַרטיי כאָזע דיאַס אונ מיט די איבעריקע אָנפירער פונ דער קאָמפּאַרטיי אומדערמידלעכ באַהעפט די מאַסנ אינ דער איינהײַטלעכער, אומבאַזיגבאַרער קראַפט פונ פאָלקס־פראָנט צומ קאַמפּ קעגנ רעכטלאָזיקײַט, אָרעמקײַט אונ פאַרצווייפלונג, וווהינ ס'האָט זיי געשטויסנ דער פאַשיזמ. די מאַסנ האָבנ זיכ אָפ דער דערפאַ־

רונג פונ דער אסטורישער שכיטע איבערצײגט אינ דעמ, וואס עס ברענגט מיט זיכ דער פאשיזמ, אונ דער לאזונג פונ אײנהײטלעכנ פראנט, וואס די קאמפארטײ האט ארויסגערוקט, איז אונטערגעכאפט געווארנ פונ מי־ ליאנענ מענטשנ. די קאמפארטײ איז געווענ דער איניציאטאר פונ שליסנ די פארשטענדיקונג צווישנ אלע אנטיפאשיסטישע ארגאניזאציעס. ערשט די וואלנ אינ די קארטעס איז געשאפנ געווארנ דער פאלקס־פראנט אינ שפאניע. די מערהײט פונ שפאנישנ פאלק האט דעמ 16־טנ פעווראל 1936־טנ יאר געשטימט בא די וואלנ פארנ פארווירקלעכנ די פראגראמ פונ פאלקס־פראנט. די פארטײענ פונ פאלקס־פראנט האבנ באקומענ 253 ערטער אינ די קארטעס (דערונטער די ארבעטער־פארטײענ—112), די רעכטע—135, דער צענטער—65. אלס זײער דעפוטאט אינ פארלאמענט האבנ די ארבעטער פונ אסטוריע געשיקט פאסיאנאריע.

דער טאג פונ 16־טנ פעווראל 1936־טנ יאר האט געבראכט א ני־ צאכנ דעמ פאלקס־פראנט. ניט קײנ קלײנער כײלעק אינעמ דאזיקנ ני־ צאכנ געהערט צו פאסיאנאריע, איר פלאמיקנ ווארט, איר אווטאריטעט צווישנ די ברײטסטע מאסנ אונ באזונדערס צווישנ די פרויענ־מאסנ פונ שטאט אונ דארפ. פאסיאנאריע—א מיטגליד פונ דער פאליטביוראָ פונ דער קאמפארטײ פונ שפאניע, האט אפגעגעבנ אלע אירע קויכעס, אלע אירע פײיקײטנ אפ אויפצוקלערנ פאר די ברײטסטע מאסנ די ציִלנ אונ אויפגאבנ, וואס די פארטײ שטעלט, אפ אויפצוקלערנ דאס, צו וואס עס האט גערופנ דער קאמוניסטישער אינטערנאציאנאל, דער כ' דימיטראוו פונ דער טריבונע אפנ VII קאנגרעס פונ קאמינטערנ. מיט דעמ גאנצנ ברענ פונ איר הײס הארצ, מיט איר גאנצער באגײסטערונג האט זי גערופנ פארײניקנ דעמ ארבעטער־קלאס אונ אלע רעוואליוציאנערע קוי־ כעס צומ קאמפ קעגנ פאשיזמ.

נאכנ ניצאכנ בא די וואלנ האט זיכ דאס פאלק א ווארפ געטאנ צו די טפיסעס, קעדײ צו באפרײענ די אנטיפאשיסטישע קריגער, וועלכע האבנ דארטנ געשמאכט. אינ דער שפיצ פונ א 30־טויזנט־קעפיקער דעמאנסטראציע איז אינ אוויעדא (אסטוריע) געגאנגענ די פאלקס־אויס־ דערווײלטע דאלארעס, קעדײ ניט צו דערלאזנ די מעגלעכקײט פונ פרא־ וואקאציעס, וועלכע זײנענ געווענ זײער אפט אינ יענער צײט.

אט איז די טפיסע. זי באגעגנט די דעמאנסטראנטנ מיט די מוי־ לער פונ די ארויסגעשטעלטע קוילנווארפער. די דעמאנסטראנטנ האבנ זיכ אפגעשטעלט. הויכ אויפהײבנדיק די הענט, איז פונ די רײענ ארויס

דאָלאָרעס אונ איז אוועק פאַרויס קעגנ די קוילנוואַרפער. די טפיסע-הענ=
קער האָבנ ניט געוואָלט צו שיסנ. שווינדלדיק זיינענ אָפגעטראָטנ אָנ א
זייט די סאָלדאַטנ. דער דירעקטאָר פונ דער טפיסע האָט זיכ פאַרלוירנ,
אונ אָפגעגעבנ האַלטערנ די שליסלענ. די טירנ פונ דער טפיסע זיינענ
געעפנט—די באַפרייטע געפאַנגענע האָבנ זיכ אַריינגעטאָסנ אינ די
רייענ פונ דער יובלדיקער דעמאָנסטראַציע. צווישנ זיי א מאַנ, וואָס
זיינענ געווענ פאַרמישפּעט צומ טויט.

* * *

דאָס ערשטע וואָרט פונ דאָלאָרעס אינ פּאַרלאַמענט האָט אויסגע=
דריקט דעמ אָנזאָג, וואָס עס האָבנ איר געגעבנ די אַסטורישע באַרג=
אַרבעטער:

„מיינע הערנ דעפּוטאַטנ! אַלס אַסטורישע דעפּוטאַטקע אונ
אַלס פאַרשטייערינ פונ א רעוואָלוציאָנערער פּאַרטיי בינ איכ גע=
ווענ אַנ אײדעס פונ די לײדנ פונ די אַסטורישע מוטערס, וואָס
פאַר זייערע אויגנ האָט מענ געשניטנ זייערע קינדער; איכ האָב
געהערט די האַרצרייסנדיקע קרעכצנ פונ די יעסוימימ, וואָס האָבנ
געבעטנ נעדאָוועס אפ די וועגנ; ברענענדיק פונ צאָרנ, מיט צונויפ=
געדריקטע פויסטנ פונ כּאַס האָב איכ צוגעזענ שוידערהאַפטע ביל=
דער: איכ האָב געזענ געזונטע, שטאַרקע מענטשנ, וואָס זיינענ
פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ לעבעדיקע באַרמינעס, אינ שטיקער פלייש
דורכ די יעסורימ, וואָס מע האָט זיי אָנגעטאָנ אינ די פּייניקונגס-קאַ=
מערנ פונ די קאַזאַרמעס אינ פעלניע, אינ דעמ מאָנאַסטיר פונ די
„פּאַדרעס" אינ אָוויעדאָ, אינ פאָלקס-הויז אונ סאַמאַ דע לאַנ=
גרעאָ, וועלכע זיינענ פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ אינקוויזיציע-קאַמערנ,
פּונקט ווי אַלע טפיסעס אינ שפּאַניע. מיט די דאָזיקע עקזעקוציעס
האָט אָנגעפירט, זיי האָט באַגייסטערט א... מענטש, וועלכנ מיר
פאַרורטיילנ אונ וואַרפנ אפ—גיל ראָבלעס. אינ נאָמענ פונ די רע=
וואָלוציאָנערע אַרבעטס-מאַסנ פונ שפּאַניע, וועלכע האָבנ מיט זייער
מעסירעס-נעפעש מיטגעהאָלפנ דעמ ניצאָכנ פונ פאָלקס-פראָנט, אינ
נאָמענ פונ די לײַדנדיקע מוטערס, פונ די היימלאָזע יעסוימימ, אינ
נאָמענ פונ די מענטשנ, וועלכע זיינענ פאַרוואַנדלט געוואָרנ אינ לע=
בעדיקע באַרמינעס, פאָדער איכ, אַז גיל ראָבלעס אונ זיינע באַ=
העלפער זאָלנ פאַרשפאַרט ווערנ אינ טפיסע אונ צוגעצויגנ ווערנ צו

געריכטלעכער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר זייערע פארברעכנס".

אזא איז געווענ איינע פונ די פאָדערונגענ פונ די מאסנ, בעתנגייע וועלכער די קאָמוניסטישע פארטיי איז באשטאַנענ, אז זי זאָל אײַנגע־שלאָסנ ווערנ אויכ אינ דער פראָגראמ פונ פאָלקס־פראָנט.

די קאָמפארטיי האָט ענערגיש געקעמפט פארנ פארווירקלעכנ אלע פאָדערונגענ פונ דער פראָגראמ פונ דעמ פאָלקס־פראָנט אונ פרײַער פאר אלצ פארנ אָנעמענ מיטלענ קעגנ די פראָוואָקאציעס פונ די פאשיסטנ. די קאָמפארטיי האָט געוואָרנט די רעגירונג אונ די ארבעטנדיקע ווענ דעמ בונט, וואָס די פאשיסטנ האָבנ געגרייט, אונ האָט געפאָדערט, אז עס זאָלנ אָנגענומענ ווערנ ענטשלאָסענע מאָסמיטלענ קעגנ די אָרגאני־זאטאָרנ פונ בונט.

אפ א ריזיקנ מיטינג אינ מאדריד האָט דאָלאָרעס געזאָגט אינ נאָ־מענ פונ דער קאָמפארטיי:

„מיר זײַנענ ווידער אײדעס פונ א בילד, וואָס האָט זיכ שוינ ניט איינ מאָל איבערגעכאזערט אינ אונדזער לאנד: די עלעמענטנ, וואָס זײַנענ פײַנטלעכ צו דער רעפּובליק, פירט מענ אריבער פונ איינע פאָסטנס אפ צווייטע, נאָר מע שטערט זיי ניט פאָרצוזעצנ זייער צעשטערונגס־ארבעט. אָנשטאָט דעמ, אז מ'זאָל גלײַכ ארויס־יאָגנ פראנקאָ אונ גאָרעדנ פונ דער ארבעט, האָט מענ זיי פראָבט אריבערגעפירט אפ א צווייט אָרט. די מיליטערישע קאָמאנדע גע־פינט זיכ נאָכ אלצ אינ די הענט בא די סאָנימ פונ דער רעפּובליק. מע פארגעסט, אז מיר לעבנ איבער א רעוואָליוציאָנערנ פעריאָד, אונ מע וויל דעמ נײַעמ ווײַנ ארײַנגיסנ אינ די אלטע לאָגלענ. דאָס טאָר מענ ניט דערלאָזנ אינ קיינ שומ פאל. מע מוז צווינגענ די רעגירונג פארגיבערנ די ארבעט אפ אָפּצוריינִיקנ דעמ מעלוכע־אפּא־ראט".

אונ דעמ 16־טנ יונ 1936 יאָר—מיט א בוידעש פרײַער פארנ בונט — האָט דאָלאָרעס פונ דער פארלאמענט־טריבונע אינ נאָמענ פונ דער קאָמפארטיי רעמאסקירט פארנ גאנצנ לאנד די צוגרייטונג פונ פא־שיסטישנ בונט. זי האָט גערופנ אָנצונעמענ מיטלענ, קאָלזמאנ ס'איז ניט שפּעט. זי האָט געזאָגט וועגנ די פאשיסטנ:

„זיי אָרדענענ איינ אפ די גאסנ פראָוואָקאציעס, אונ דערנאָכער אינ פארלאמענט שיקנ זיי עטלעכע מענטשנ, וועלכע שטעלנ דער רעגירונג מיט א מינע פונ אומשולדיקסטע אויפּעלעכ (געלעכטער)

א פראגע, וואָס טוט זיך דאָרטן אייגנטלעך און וואוהין גייען מיר. מיינע הערן רעכטע! איר קומט אהער, צעפליקנדיק אַף זיך אייערע געשעדיקטע קליידער, באשיטנדיק דעם קאָפּ מיט אש, און דערווייל מאכט איינער, וועלכן איר... קענט אויסגעצייכנט, פונקט ווי עס קענען איך, איבעריקנס, אויך מיר, א באשטעלונג אַף צו נייען מונדירן פאר דער צווילער גוואַרדיע צוליב צוועקן, וואָס זיינען באַוווּסט אייך און ניט אומבאוווּסט אונדז. און דורך דער צאַפּנגרינעץ פון נאַוואַרע, פון אַט דער שפּאַנישער וואַנדעע, פירט דורך דער הער קאַלוואָ סאָטעלאָ געווער און אַמוניציע..."

זי פאָדערט טייקעף אַרײַנצוזעצן אין טורמע די אונטערנעמער, וועלכע זאָגן זיך אָפּ אויסצופילן די באַפעלן פון דער רעגירונג; די גרויסע פּריצים, וואָס מאַטערן מיט הונגער די פּויערים; די מענטשן, וועלכע האָבן זיך געשוועבקט אין דעם בלוט פון די אָקטיאַבערישע קרינער.

די דאָזיקע דעמאַסקירונג פון פּאַסיאָנאַריע מאַכט וואַכזאַם די מאַסן. די פאָדערונגען פון דער קאָמפּאַרטיי, וואָס פאר זייער פאַרווירקלעכונג קעמפט זי אין די רייען פון פאָלקס-פראָנט, באַווייזן די דאָזיקע מאַסן, אַז די קאָמפּאַרטיי איז די איינציקע פּאַרטיי, וועלכע ווייסט וואָס צו טאָן און וויאַזוי צו טאָן אין דער ביז גאָר קאָמפּליצירטער סיטואַציע אין שפּאַניע אַף אָפּצושלאָגן דעם קלאַפּ פון פאַשיזם. אַף וויפל טיף עס איז געווען די ווירקונג פון דער קאָמפּאַרטיי שוין אין יענער צייט באַווייזט א בריוו, וואָס איז אַדרעסירט צו דאָלאָרעס דורך די פרויען פון איינעם א דאָרף אין אַנדאַלוזיע. צוויי טויזנט פויערטעס פון אַט דעם דאָרף האָבן זי געבעטן קומען צו זיי, אָרגאַניזירן זיי און... פירן „מיטן וועג, אין וועלכן די גייסט און וועלכער וועט אונדז אָן צווייפל ברענגען פונקט צו אזא ניצחון, צו וועלכן ער האָט געבראַכט אונדזערע רוסישע כאַווערים". אין איר ענטפער האָט דאָלאָרעס אונטערגעשטראָכן די באַדײַטונג פון דעם דאָזיקן בריוו, ווי אַן אויסדרוק פון דעם קאָלאָסאַל וויכטיקן פאַקט, וואָס צום קאַמף הייבן זיך אוף די סאַמע אָפּגעשטאַנענע שיכטן פון שפּאַנישן פאָלק — די פרויען-מאַסן אין דאָרף, וואָס זוכן וועגן אַף אַרײַנגיין זיך אין דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג פון שפּאַנישן פאָלק.

דאָלאָרעס האָט געשריבן:

„צוויי טויזנט פרויען. א ריזיקער בלוט אָרעמקייט, ראַכמעס. גרענעצלאָזע ליידן... צוויי טויזנט פרויען און די טעלער פון אַן

האלוזיע, וועלכע ווילנ קיינ שקלאפנס ניט זײַנ. צוויי טויזנט פרויענ, וועלכע האבנ אויפגעהויבנ דעם קאפּ, וואָס איז געווענ אײַנגעבויגנ פונ געבורט-טאָג אָנ אונטערנ יאָכ פונ קאפּיטאליסטישער עקס-פּלואטאציע... רעדט עס דענ אײַכ ניט, ברידער? עס זײַנענ פאראנ צוויי טויזנט פרויענ — שוועסטער, מוטערס אונ ווײַבער פונ באַ-טראַקעס אונ אָרעמפּויערים, דאָרפ-פּאַריער, וועלכע ווילנ גײנ מיטנ וועג, וואָס פירט צום טריומפ פונ סאָציאַליזמ. צו זײ איז דערגאַנ-גענ א קלאַנג וועגנ גרויסנ לאַנד, וואָס טראָגט דעם נאָמענ „פאַר-באַנד סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליקנ". די יעדיעס, וועלכע זײ האָבנ אונ וועלכע זײַנענ אָפּגעשפּיגלט אינ זײער בריוו, זײַנענ זײער באַגרענעצט: „מיר ווילנ זײַנ פונקט אַזעלכע, ווי די רוסישע פרויענ",— זאָגנ זײ, אונ נאָר די אויפריכטיקע אונ פּשוטע פראַזע איז א גאַנצע רעוואָלוציאָנערע פּאָעמע. מיר ווילנ זײַנ אַזעלכע, ווי די רוסישע פרויענ... מיר ווילנ צערײַסנ אונדזערע קייטנ, מיר ווילנ א פרײַ אונ גליקלעכ לעבנ, מיר ווילנ, אַז אונ-דזערע קינדער זאָלנ זײַנ זאַט, מיר ווילנ שולנ, שול-קיכנ, מיר ווילנ בילדונג, אַרבעט, וווילשטאַנד, שאָלעמ — אָט וואָס עס זאָגנ די פרויענ פונ טאָרעדאָנ-כימענאַ... איכ וועל קומענ צו אײַכ, טײַערע כאַווערטעס... איכ וועל רײדנ מיט אײַכ, אונ אונדזערע געדאַנקענ וועלנ זיכ אַוועקלאָזנ, ווי בלויע פויגלענ מיט אומדערמידלעכע פליג-לענ, כדי אַראָפּלאָזנ זיכ, דורכפליענדיק א ריזיקע שטרעקע, אינ יענעמ לאַנד, וווּ די פאַרשנייטע סטעפּעס האָבנ געהאַלטנ פאַר-באָרגנ אינ זיכ א רעוואָלוציאָנער פײַער, וועלכעס האָט אויפגע-פלאַקערט אינ אָקטיאַבער 1917 יאָר, פאַרניכטנדיק אַלצ, וואָס האָט אָפּגעלעבט, אַלצ, וואָס האָט געשטערט דער אַנטוויקלונג אונ דעמ ווילנ פונ פאָלק..."

* * *

פאַרווירקלעכנדיק אינ לעבנ די אויפגאַבנ פונ דער פּאַרטײ, האָט דאָלאָרעס באַלד נאָכנ אָנהייב פונ בונט אינ יול 1936-טנ יאָר אָנגע-הויבנ דעמ קאַמפ פאַרנ אָרגאַניזירנ דעמ ניצאָכנ. פונ פראָנט קיינ מאַדריד, פונ מאַדריד אָפנ פראָנט — אַזוי איז איר לעבנ.

די סאָלדאַטנ אָפנ גוואַדאַראַמער פראָנט האָבנ זי באַגריסט מיט די פאָרערשטע פּאָזיציעס: „דאָרטנ, ווו דו ביסט פאַראַנ, זײַנענ מיר".

כ'האָט זי געזענ צוזאַמענ מיטנ גענעראַל-סעקרעטאַר פונ דער קאָמי-

פּאַרטיי פון שפּאַניע בנוגע דיאַסן. אַן אַרבעטס־שאַבעס צו גראָבן אָקאָפּעס אונטער מאַדריד.

זי איז שטענדיק דאָרטן, וווּ מע דאַרף באַגײַסטערן די וואַקלדיקע און מידע — איר וואָרט גיט זיי נײַע קרעפטן צום ווײַטערדיקן קאַמף.

זי שטייט אין דער שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע צו העלפן די פאַמיליעס פון די פראָנט־קעמפער.

זי דעמאַסקירט די רעבילעס פון צווישנפעלקערלעכן פאַשיזם, און זײַן בלוטיק פּנים ווערט אַנטבלויזט פאַר דער גאַנצער וועלט.

זי שטעלט מיט פאַרביטערונג די פראַגע: צי וועלן אָנגערירט ווערן די הומאַנישע געפילן פון ענגלאַנד און פראַנקרײַך דורכן כײַיִשן פאַרניכטן די פרידלעכע באַפעלקערונג פון מאַדריד?

„באַהאַלטנדיק זיך הינטער די וואָלקנס פון אונדזערע טרעפּלעכע קוילנוואַרפער, זײַנען זיי געפלויגן איבער מאַדריד און האָבן אַראָפּגעוואָרפן אויף אונדזער ניט באַשיצטער שטאָט זייער אומברענגערישע פראַכט. פרויען און קינדער זײַנען צעריסן געוואָרן פון דעם סוינעס באָמבעס. וויפל זײַנען געהאַרגעט געוואָרן פון זיי? א סך. ס'איז אָבער ניט וויכטיק די צאָל, וויכטיק איז דער פאַקט. צווישן די קאָרבאָנעס איז פאַראַן א צוויי־כאָדאָשימדיק אייפעלע. עס איז געהאַרגעט געוואָרן צוזאַמען מיט דער מוטער, וואָס האָט אים דאָס לעבן געשענקט. דער מאַמעס הענט האָבן צוגעדריקט דאָס קינד אין דער לעצטער אומאַרעמונג פון פאַרטיידיקונג און אַגאָניע. די שטיינער פון ברוק זײַנען געוואָרן זייער מיצייבעס. און די דאָזיקע בעסטיאַלישקייט רופן זיי „העלדנטאַט”. קינדער און פרויען זײַנען פאַרשניטן געוואָרן אין באַגינען פון זייער לעבן דורך רויב־פויגל, דורך פאַשיסטישע מערדער. צי וועלן פּראָטעסטירן קעגן אַט די כײַיִשע מיטעס די רעגירונגען, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַזאַ סענטימענטאַלקייט בײַם פּראָטעסטירן די קאָמפּאַניאָנען פון אַט די פילצאָליקע פאַרברעכנס?”

זי רעכנט אויס די רעציבעס פון פאַשיזם, אַז יעדער איינער זאָל פאַרשטיין, וואָס עס ברענגט מיט זיך דער פאַשיזם.

„אין באַדאַכאָס האָבן זיי אויסגעשאָסן די גאַנצע באַפעלקערונג. אין בנאָן האָבן זיי פון 500 אײַנוווינער געהאַרגעט 270 מאַן. אין די דערפער האָבן זיי באַגאָסן די שטיבלעך מיט נאַפט און האָבן לעבעדיקערהייט פאַרברענט די פרויען און קינדער...

דער גענעמ, וואָס דאַנטע האָט באַשריבנ, איז אַ בלאַסע אָפּשפּיגלונג פונ דער ווירקלעכקייט אינ די געגנטנ, דורכ וועלכע עס זײַנענ דורכגעגאַנגענ אָט די הונדערטטויזנטיקע וואַנדאַלנ. געהאַרגע-טע קינדער אונ אַלטע לײַט, פאַרגוואַלטיקטע אונ צעהאַקטע פרויענ-קערפּערס, כאָרעוו געמאַכטע קונסט-דענקמעלער... אומעטומ, וווּ זיי גייענ דורכ, זייענ זיי טויט אונ פאַרוויסטונג.

אונ דאָס, וואָס עס קומט פאָר אינ די ראַיאָנענ, וואָס די פאַ-שיסטנ האָבנ פאַרכאַפּט, וואָלט פאָרגעקומענ אינ גאַנצ שפּאַניע, אויב קעגנ זיי וואָלט זיכ ניט געשטעלט דאָס גאַנצע פאָלק, באַ-גײַסטערט פונ דעמ גלויבנ אינ די אייגענע קויכעס".

דאָלאָרעס דערקלערט איינצייטיק די מאַסנ, אַז באַזיגנ די בלוטיקע פאַשיסטישע פּעסט קאָנ מענ נאָר דאַנ, ווענ אַלע קויכעס פונ פאָלק וועלנ באַהעפט ווערנ אינ אַנ אײַזערנעמ פויסט, ווענ עס וועט פאַרווירקלעכט ווערנ די שטרענגסטע דיסציפּלינ אונ רעוואָליוציאָנערע אָרדענונג.

זי שרײַבט:

„מיר האָבנ געהאַט מיטלענ אונ געווער, וואָס דער פײַנט האָט זיי ניט. אָבער די דאָזיקע מיטלענ אונ דאָס דאָזיקע געווער וועלנ ניט קאָנענ אויסגענוצט ווערנ, אויב מיר זאָלנ ניט פאַרשטיינ, אַז עס איז נייטיק אָרגאַניש צונויפגיסנ אַלע קויכעס, וועלכע ווירקנ נאָכ צעשפּליטערט, אויב מיר וועלנ ניט צענטראַליזירנ די קאָמאַנדירונג, אויב מיר וועלנ ניט אויספילנ אירע באַפעלנ, אויב מיר וועלנ ניט פאַרגרינגערנ דורכ אונדזער דיסציפּלינ דאָס פאַרווירקלעכנ דעמ אַלגעמיינעמ פּלאַנ, אָפּוואַרפנדיק דעמ לאָקאַל-פּאַטריאָטישנ, שמאָלנ אונ באַגרענעצטנ שטאַנדפּונקט, וועלכער האָט אַ דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג אינ די פאַרשיידענע סיטואַציעס פונ דער מילכאָמע. מע דאַרפ שאַפנ אַנ אַרמיי, וואָס ענטפערט אויפ רופ פונ דער קאָמאַנ-דירונג, אַנ אַרמיי, וואָס איר רוקנביינ זאָל זײַנ די פאָלקס-מיליציע. מע דאַרפ דורכפירנ די מיליטאַריזירונג פונ דער מיליציע, די אָר-גאַניזירונג אונ מאָביליזירונג פונ דעמ גאַנצנ הינטערלאַנד. דאָס איז אונדזער לאָזונג. דערינ באַשטייט די באַדערפעניש פונ הײַנטיקנ טאָג".

אַז די פּאָליטיקע מיטינגענ בײַ די קעמפער פונ 5-טנ פּאָלק, וואָס איז געוואָרנ דער גרונט-יאָדער פונ דער געשאַפענער פאָלקס-אַרמיי אינ

שפּאַניע, האָט דאָלאָרעס קעסיידער איבערגעכאַזערט, אַז די מילכאָמע איז ניט נאָר העראָיזם, מוט און אומשלאָסנקײט, אַז די מילכאָמע איז אַ קונסט און װיסנשאַפט, װאָס מ'דאַרפ זײ באַהערשנ,—אַגיט װעסט' דעם סוינע ניט באַזיגנ. זי האָט געלערנט און לערנט די מאַסנ אַפ דער דערפאַרונג פונ די סאָװעטישע אַרבעטער, װיאַזױ מ'דאַרפ פירנ די מילכאָמע קעגנ סוינע. איג אַליינ פונ קאַמפ קעגנ פײַנט, װאָס איז געװענ באַװאָפנט פונ קאָפּ ביז די פיס, װענ בײַ דער פאָלקס-אַרמײ פונ שפּאַניע האָט ניט געקלעקט קײנ געװער און אײניקע פלעגנ זײַנ בײַ זיכ געפאַלנ, האָט דאָלאָרעס אָנגעװיזנ אַפ דער אומגע-װאַקלטקײט און העלדישקײט, װאָס די רוסישע אַרבעטער אינ פויערים האָבנ אַרויסגעװיזנ אינ בירגערקריג:

„אײניקע זאָגנ: בײַ מיר אינ דער הײם איז פאַראַנ בלויז אַ נישטיקע יעגער-ביקס. אָבער, כאַװײרים, די העלדישע רוסישע ברי-דער האָבנ אַפילע אַזעלכע ביקסנ ניט געהאַט און זײַנענ מיט הוילע הענט, נאָר מיט אַ קלאָרנ באַװוסטזײַנ געגאַנגענ אַפנ פראָנט, גרײט צו פאַרשטעלנ מיט זיכ די בלויזע אינ די רײענ. זײ האָבנ צוגענומענ געװער באַם סוינע און האָבנ אַרויסגעטריבנ פונ זײער לאַנד די, װאָס האָבנ זיכ געפרוּװט צװינגענ זײ צו קנעכטשאַפט!"

זי האָט דערמאָנט די אַרבעטנדיקע מאַסנ פונ שפּאַניע, אַז די רויטע אַרמײ, די ערשטע עמעסדיקע פאָלקס-אַרמײ, איז געשאַפנ געװאָרנ אינ די סאַמע שװערסטע יאָרנ פאַר דעם ראַטנפאַרבאַנד, נאָר די דאָזיקע אַרמײ האָט אַדאַנק איר רעװאָלוציאָנערער דיסציפּלינ און גרענעצ-לאָזער איבערגעגעבנקײט דער זאַכ פונ באַפרײַענ דאָס פאָלק געקאָנט אַפ פּיצ-פּיצלעכ צעשלאָגנ און צעשמעטערנ די אַרמײענ פונ די אינטער-װענטנ, װאָס האָבנ געהאַט אַ גרעסערע טעכניק.

„דאָס לאַנד, מיט װעלכנ מיר אַלע זײַנענ אַנציקט,—האָט גע-זאָגט דאָלאָרעס,—דאָס גליקלעכע לאַנד פונ סאָציאַליזם, דער ראַטנפאַרבאַנד, װאָס מיר אַלע נעמענ פונ אים אַ בײַש-פּיל... האָט געשאַפנ די אַרמײ אינ פּעריאָד פונ סאַמע שװערנ קאַמפ קעגנ דעם אינערלעכנ און אױסערלעכנ סוינע. און די דאָזיקע אַרמײ, אַ דיסציפּלינירטע, װאָס באַגרײַפט, װעמעס אינטערעסנ זי שטעלט פאָר, װאָס װערט אָנגעפירט פונ מענטשנ, װעלכע האָבנ דעם צוטרױ פונ פאָלק, איז געװענ דער באַשליסנדיקער פאַקטאָר

פונ זיג איבער די פאראייניקטע קויכעס פונ אלוועלטלעכנ אימפע־ריאליזמ״.

און זי רופט דאס שפאנישע פאלק שאפנ פונקט אזא איינהייטלעכע און דיסציפלינירטע ארמיי.

אבער די ארמיי קאנ ניט קעמפנ מיט דערפאלג, ווענ אינ הינטער־לאנד ארודעוועט דער סוינע, און פאסיוואניע מאביליזירט די וואכ־זאמקייט פונ די מאסנ קעגנ די סאנים, וואס האבנ זיכ פארטייעט אינ הינטערלאנד, וואס פארשפרייטנ ליגנ און רעכילעס, וואס זייענ אומצופרי און דעמאראליזירונג, וואס ארגאניזירנ אטענטאטנ אפ די פירער פונ די מאסנ. צווישנ די דאזיקע סאנים פונ שפאנישנ פאלק שפילנ די סאמע געמיינע און נידערטרעכטיקע ראליע די טראצקיסטנ. אויספילנדיק די אויפגאבנ פונ זייערע באלעבאטימ — פונ די דייטשי־שע און איטאליענישע פאשיסטנ, פרוווּנ זיכ די שפאנישע טראצקיסטנ אנהעצנ איינע אפ די אנדערע די ארגאניזאציעס פונ פאלקס־פראנט, קעדיי אויפצורייסנ אימ פונ אינעווייניק. זיי זייענ אומצופרי צו דער רעגירונג פונ דער רעפובליק, זיי שטרעבנ צו דעמאראליזירנ די קרי־גער דורכ פראוואקאציאנעלע לאזונגענ. זיי ארגאניזירנ טעראריסטישע אקטנ קעגנ די בעסטע פארשטייער פונ פאלק און זייענ ליגנס קעגנ סססר — דעמ בעסטנ פריינט פונ שפאניע. זיי האבנ עס אינ מײַ 1937 יאר ארגאניזירט לויט דער דירעקטער אויפגאבע פונ פראנקא, פונ דייטשישנ און איטאליענישנ פאשיזמ דעמ פוטש אינ בארסעלאנע, קע־דיי צו עפענענ די טירנ פארנ סוינע. דאלארעס דעמאסקירט פאר די מאסנ די ביטערע שפיצלעכ פונ דעמ סוינע, מיט איר פלאמיקנ ווארט, וואס שניידט ווי א שווערד, רייסט זי אראפ די מאסקע פונ די פיינע־מער פונ אט די נידערטרעכטיקע פאשיסטישע מערדער.

פונקט אזוי שטארק, ווי דאלארעס קאנ האסנ די סאנים פונ שפא־נישנ פאלק, פונקט אזוי האט זי ליב זײַנע טרייע פריינט און צווישנ זיי פריער פונ אלצ — די פעלקער פונ ראטנפארבאנד. די הילפ פונ די ארבעטנדיקע פונ סססר פארנ העראיש־קעמפנדיקנ שפאנישנ פאלק רופט ארויס בא איר א הייסע דאנקבארקייט:

„גיט איבער, — שרייבט זי, — דעמ סאוועטישנ פאלק די דאנקבארקייט פונ שפאנישנ פאלק פאר דער ברידערלעכער סאלידא־רישקייט, וועלכע האט אונדז פונ די ערשטע שאענ אנ פונ אונ־דזער קאמפ באגייסטערט און איז געווענ פאר אונדז א קאלא־

כאַלע שטיצע. נאָכאַמאָל האָט דער ראַטנפאַרבאַנד באַוויזנ, אַז ער איז דער גרויסער פאַקעל, וואָס פירט די מענטשהייט מיטנ וועג צו דער צוקונפט, וואָס הייבט אופ און באַלייכט די באַוועגונג פונ אינטערנאַציאָנאַלער סאָלידאַרישקייט לעטוויוועס די פעלקער, וועל-כע קעמפנ פאַר זייער באַפרייונג.

מאָמענטנווייז האָבנ מיר ניט געזענ קיינ הילפ אינ דעמ קאַמפ, פונ וועלכנ עס זיינענ געווענ טיילווייז אָפּהענגיק די נאָענטסטע צוקונפט פונ גאַנצ אייראָפּע און דאָס אייגנהיטנ דעמ שאָלעמ. אינ אַט די מאָמענטנ, ווענ עס האָבנ שוינ געגומענ אויסשעפנ זיכ ניט נאָר די קריגס-אַמוניציע, נאָר אויכ די דערנערונגס-פּראָדוקטנ, האָבנ די פּראָוואָקאַטאָרס געפּרוווט פאַרזייענ צווייפל אינ אונדזערע רייענ. גראַד אינ דעמ מאָמענט איז אָנגעקומענ די הילפ פונ דעמ לאַנד, וואָס איז ווייט פונ אונדז געאָגראַפיש, נאָר וואָס איז אונדז נאָענט, ווי אַ שוועסטער, — פונ סאָוועטנ-לאַנד! שוועסטער פונ לאַנד פונ סאָציאַליזמ און איר אַלע, באַוויירימ, וואָס האָבנ בנ-קומענדיק אַלע געזאַרנ אינ שווערייקייטנ, געשאַפנ אונטער דער אָנפירונג פונ גרויסנ און באַליבטנ כאַווער סטאַלינ די סאָציאַליס-טישע געזעלשאַפט! אייערע פריינט, די אַרבעטנדיקע פונ שפּאַ-ניע, וועלכע פירנ אַ קאַמפ קעגנ פאַשיזמ, שיקנ אייכ אַ פלאַמיקנ, אַ דאַנקבאַרנ גרוס! דערמוטיגט פונ אייער הילפ, פאַרזיכערט אייכ דאָס העלדישע שפּאַנישע פאָלק, אַז עס וועט ניט פאַרלירנ דעמ מוט אינ דעמ דאָזיקנ קאַמפ. דער פאַשיזמ וועט ניט דורכ-גייענ, מיר וועלנ אימ פאַרהאַלטנ און אָפּשליידערנ! די זיכערקייט דעריג ווערט אונטערגעהאַלטנ דורכ דעמ באַוווסטזיינ, אַז מיר זיינענ ניט איינזאַמ, אַז איר, סאָוועטישע פרייענ, עקזיסטירט. אונדזער קאַמפ וועט ווערנ גרעסער, און די פאַרצווייפלטע אַטאַ-קעס פונ סוינע וועלנ אָפּגעוואָרפנ ווערנ פונ דער שטאָלענער וואַנט פונ דער פאָלקס-איינייקייט".

אַפּ יעדער געשעעניש אינ לאַנד פונ סאָציאַליזמ רופט זיכ דאָלאָ-רעס באַלד אָפּ. זי פרייט זיכ אַלייג און דריקט אויס די פרייד און אַנ-ציקונג פונ דעמ שפּאַנישנ פאָלק מיקוייעכ דער באַשטעטיקונג פונ דער סטאַלינישער קאָנסטיטוציע, איר פלאַמיקער גרוס ווענ דעמ פליט פונ שפּאַניע.

מיט אַ טיפער אופרעגונג שטעמפּלט זי די באַנדע טראָצקיסטנ—

די מערדער, דיווערסאַנטנ און שפּיאָנעס, וועלכע זײַנענ געשטעלט געוואָרנ פאַרנ העכסטנ געריכט פונ פּססר. זי פאַראייניקט איר שטימ פונ דעמ שפּאַנישנ פאָלקס-טריבונ צו דער שטימ פונ דעמ פילמיליאָניקנ פאָלק פונ ראַטנפאַרבאַנד, וואָס באַגריסט דעמ הארבנ אורטייל פונ געריכט איבער די טראָצקיסטישע אַגענטנ פונ פאַשיזמ.

* * *

אינ דער קאָמפּליצירטער סיטואַציע פונ בירגערקריג און אינטערווענציע גייענ די געשעענישנ אינ שפּאַניע מיט א גוואַלדיקער שנעלקייט. דאָלאָרעס איבאַרורי, די לײַדנשאַפטלעכ-איבערגעגעבענע — פּאַסיאָנאַריע, דער פלאַמיקער פאָלקס-טריבונ, באַווײַזט אַמ אַלצ אָפּצורופנ זיכ.

ס'איז ניטאָ אינ שפּאַניע די געשעעניש, ס'איז ניטאָ די אונטערנעמונג פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אָדער די פאַרזאַמלונג, וואָס איר פלאַמיק וואָרט זאָל דאָרטנ ניט באַגײַסטערנ די פּאַרטייִשע און אומפּאַרטייִשע מאַסנ צו נײַע העלדנטאַטנ.

פונ דער פאַרזאַמלונג פונ פּאַרטייִשנ אַקטיוו אינ וואַלענסיע האָט דורכגעקלונגענ איבערנ גאַנצנ לאַנד דער נײַער לאָזונג, וואָס זי האָט אַרויסגערוקט: „פּאַסאַרעמאָס"—„מיר וועלנ דורכגיינ", אַנשטאָט דעמ לאָזונג פונ די העראָאישע טעג פונ פאַרטיידיקנ מאַדריד: „זיי וועלנ ניט דורכגיינ". די אַרמיי און דאָס הינטערלאַנד — דאָס גאַנצע פאָלק פונ שפּאַניע — האָבנ מיט באַגײַסטערונג און אַנציקונג אונטערגעכאַפּט דעמ דאָזיקנ נײַעמ לאָזונג, וואָס שפּיגלט אָפּ די אויסגעוואַקסענע קראַפט פונ פאָלק, זײַנע ערשטע גרויסע ניצכוינעס איבער די אינטערווענטנ. אינ די דאָזיקע ניצכוינעס, אינעמ צוגרייטנ און פאַרווירקלעכנ זיי האָבנ א קאָלאָסאַלע ראָליע געשפּילט די פּאָליטישע קאָמיסאַרנ אינ דער אַרמיי. דאָלאָרעס פאַרצייכנט עס אינ אירע אַרטיקלענ און אַרויסטרעטונגענ:

זי שרײַבט:

„רומ און ערע די קאָמיסאַרנ!

...מיר האָבנ אַנ אַרמיי, גאָר, און דאָס איז מער וועזנטלעכ, מיר האָבנ אַנ אַרמיי, וואָס האָט א נעשאָמע, וואָס באַנעמט די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פונ מאָמענט.

די קאָמיסאַרנ פונ פאָלקס-פראָנט האָבנ אײַנגעפלאַנצט אינ די

באזונדערע אָפּטײלנ, באטאליאָנענ, בריגאדעס, דיוויזיעס דעמ פליכט-געפיל און זײ האָבנ מיט זײער פערזענלעכנ בײַשפּיל נאָר הײכ אויפגעהויבנ דעמ העלדנמוט פונ די קריגער!

פּאָליטישע קאָמיסארנ, העראָישע און מעסירעסנעפעשדיקע, ווי דער סאָציאליסט בעלמאָנטע, וועלכער האָט אויסגעשריענ, זײַנ-ענדיק שטערבלעכ פארווונדעט: „איכ האָב אויסגעפילט מײַנ בויוו, דער ערשטער געגאנגענ פאָרויס און דער לעצטער אָפּגעטראָטנ!”.

פּאָליטישע קאָמיסארנ, אזוינע ווי דער קאָמוניסט אָרטעגא, וועלכער האָט אײַנגעשטעלט דאָס לעבנ און געראטעוועט 200 כאווײרימ, וועלכע דער פײַנט האָט ארומגערינגלט!

פּאָליטישע קאָמיסארנ, אזוינע ווי דער אנארכיסט אדראדאָ, וועלכער קעמפט העראָיש פונ די ערשטע טעג אָנ אָפּ די פראָנטנ!

קאָמיסארנ! האלט זיכ פעסט אָפּ אײַערע פּאָסטנס! פאָרויס! מאכט קרעפטיק אונדזער פאָלקס-ארמײ, קעדײ צו פארניכטנ דעמ ניצאָכנ פונ פאָלק איבערנ פאשיזמ!“

* * *

אפּרעל 1937-טער יאָר. די פאשיסטישע אינטערווענטנ פונ דײַטש-לאנד און איטאליע פּרוווּנ זיכ מיט א פארצווײפלטנ קלאַפּ אײַנברעכנ דעמ ווידערשטאנד פונ באסקישנ פאָלק, פארכאפּנ די דאָזיקע רײַכע מיט ערצ און קוילנ בארג-געגנט אינ שפּאניע. דער צאָפנדיקער פראָנט ווערט דער סאמע אָנגעשטרענגטער. די טאָכטער פונ באסקישנ פאָלק, דאָלאָרעס איבארורי, ווענדט זיכ צומ לאנד:

„בילבאאָ איז אינ געפאר. די אויסלענדישע פאשיסטישע עראָפּלאנענ באמבארדירנ אָנ אויפהער די הויפּטשטאָט פונ באסקנ-לאנד.

די דרײסטע פארטײדיקער אירע, וועלכע האָבנ ארײַנגעשריבנ אזויפיל העראָישע זײַטלעכ אינ דער געשיכטע פונ רעוואָליוציאָנערנ קאמפּ, די מעטאליסטנ, די פישער, די פּויערימ ווײַזנ ארויס גרענעצלאָזנ העראָיזמ. דער קעגנער ווײסט, וואָס עס שטעלט מיט זיכ פאָר בילבאאָ. איכ קאָנ ניט גלײבנ, אז בילבאאָ וועט ארײַנפאלנ אינ דעמ סוינעס הענט. זײַנע העראָישע פארטײדיקער וועלנ נאָכטאָנ דעמ בײַשפּיל פונ מאדריד, זײ וועלנ אָרגאניזירנ א רעגולערע ארמײ.

ברידער פון מאַדריד! ביסקײַע װעט קײנמאָל ניט פאַרגעסן אײַערע קאָרבאָנעס!

ברידער פון דאָרטן, פון טערועל און פון אַלע פראָנטן! דאָס פאַלן פון בילבאַאָ, פון אָט דער געגנט, װאָס איז די רײַכסטע מיט מינעראַלן, װעט פאַרערגערן די לאַגע אױף פראָנט און װעט פאַרלענגערן דעם קריג!"

די אינטערװענטן שטײַגן איבער מיט זײער באַרבאַרישקײַט אַלע בײַשפּילן פון פאָריקע מילכאָמעס. א מאַכנע דײַטשישע קריגס-אַעראָפּלאַנען פליט אָן אױף דער אומבאַשיצטער אַלטער הױפּטשטאָט פון ביסקײַע — אױף גערניקע, װאָס האָט קײן שום מיליטעריש-סטראַטעגישע באַדײַטונג ניט. די פאַשיסטישע באָמבאַרדירער צעשיסן פון קױלנװאַרפער די אײַנװױנער פון דער שטאָט — די אַלטע לײַט, די פרױען און קינדער. גערניקע איז כאָרעװ. דער סױנע פרוּװט שאַפן א פּאַניק צװישן דער באַפעלקערונג און ברעכן דערמיט דעם װידערשטאַנד פון די רעפּובליקאַנער.

אין די דאָזיקע טראַגישע טעג פאַר די באַסקן רופט די שטים פון דאָלאָרעס, געװענדעט צו דער באַפעלקערונג פון ביסקײַע, צו העלדנמוט. דאָלאָרעס דעמאַסקירט די פּלענער פון סױנע, זי רופט צו אַן אױפשטאַנד אין דעם סױנעס הינטערלאַנד:

„ברידער פון נאַװאַרע און ביסקײַע!

קײנמאָל נאָך איז אונדזער פאָטערלאַנד ניט געװען אין אַזא געפאַר. די לעגיאָנען פון אױסלענדישן מיליטער פאַרװאַנדלען אין אַש און רויִנען אונדזערע שטעט, זײ פאַרניכטן אונדזערע פעלקער. מיר רופן אײַך, בראַװע נאַװאַרער, העראָישע ביסקײַער, שטײט אױף קעגן די אױסלענדישע אינטערװענטן און קעגן די אַלע, װעלכע רופן זיך נאַציאָנאַליסטן און פאַרטראַכטן זיך גאָרניט אַז צו פאַראַטן דעם הײליקן נאָמען פון פאָטערלאַנד.

נעכטן איז עס געװען דוראַנגאָ, הײַנט — גערניקע.

גערניקע! אונדזער גערניקע! דאָס הײליקסטע אָרט בײַ דעם באַסקישן פאָלק, דאָס הײליקע אָרט, פון װאַנען עס פלעגן אַרױסקומען די הױך-הומאַנישע געזעצן. גערניקע איז כאָרעװ. זײ האָבן געװאָלט פאַרניכטן אַפילו די געדעכעניש פון אונדזערע אַלטע פרײַהײטן...

...פױערים פון די בערג און טאָלן אין נאַװאַרע, ברידער פון

ביסקײַע! מיר פֿאַרטײדיקן די פֿרײַהײט און דעם פּראָגרעס. אין דעם טײל פֿון שפּאַניע, װאָס געפֿינט זיך אונטער אונדזער מאַכט, זײַנען ניט פֿאַראַן קײן אָנערדיקע פּױערים. די אַרבעטער זײַנען ניט קײן קנעכט פֿון די פֿאַבריקן, זײערע רעכט װערן אָפּגעהיט. ניט ריכטיק איז, אַז מיר פֿאַרפֿאָלגן די גלױביקע. אַ נײַע ערע פֿון שאָלעם, אַרבעט און גליקלעכער עקזיסטענץ װעט זיך עפֿענען פֿאַר אַלע פֿעלקער פֿון שפּאַניע נאָכן ניצחון.

טײַערע ברידער פֿון ביסקײַע, האַלט זיך פֿעסט! די גאַנצע אַנטיפֿאַשיסטישע שפּאַניע איז גרײט אײַך קומען צו הילף, פֿאַרטײדיקן בילבאַאָ, אײַערע װײַבער, אײַערע קינדער...

שטײט אױף קעגן די פֿאַשיסטישע גענעראַלן, העלפֿט אונדז ראַטעװען די אומאָפּהענגיקײט פֿון אונדזער פֿאָטערלאַנד“.

אין אָט די שװערע טעג, װען דער פֿײַנט האָט אָנגעגריפֿן אַף ביסקײַע און האָט מיט זײַן אַרטילעריע באָמבאַרדירט מאַדריד, איז דעם שפּאַנישן פֿאָלק אױסגעקומען איבערצולעבן דעם טראָצקיסטיש-פֿאַשיסטישן פּוטש אין באַרסעלאָנע. די טראָצקיסטן האָבן, לױט דער דירעקטיװ פֿון היטלער, מוסאָליני און פֿראַנקאָ, דעם 3-טן און 4-טן מײַ געפּרוּװט דערלאַנגען אַ קלאַפּ דער רעפּובליק אין פּלײצע, העלפֿן — מיט די אומרוען אין באַרסעלאָנע — דעם פֿאַשיסטישן אָנגריף אַף די פֿראָנטן.

דער צאָרן פֿון גאַנצן שפּאַנישן פֿאָלק קעגן די נידערטרעכטיקע טראָצקיסטיש-פֿאַשיסטישע אױסװורפֿן האָט זיך אױסגעגאָסן אין עטלעכע אײנמוטיקן אונטערשטיצן די לאַנגיאָריקע פֿאָדערונג פֿון דער קאָמפּאַרטײ: טײקעף פֿאַנאַנדערלאָזן און איבערגעבן צום געריכט די טראָצקיסטישע אָרגאַניזאַציע פּ.אָ.ו.מ. און אַרױסיאָגן פֿון אַלע געזעלשאַפֿטלעכע אָרגאַניזאַציעס די פּראָװאָקאַטאָרן. אַף אַ גראַנדיעזן מיטינג אין װאַלענסיע דעם 9-טן מײַ 1937-טן יאָר אין צוזאַמענהאַנג מיט די באַרסעלאָנער געשעענישן איז אין אײנעם מיטן גענעראַל-סעקרעטאַר פֿון דער קאָמפּאַרטײ כאָזע דיאַס אַף דער טריבונע דאָלאָרעס.

זי טרעט אַרױס לױט דער פֿאָדערונג פֿון די מאַסן מיטן שלוס-װאָרט. פּאַסיאָנאַריע שטעלט צום שאַנד-סלופּ די פֿאַררעטער און װענדט זיך צו די פֿאַרזאַמלטע אַנטיפֿאַשיסטישע מאַסן מיט אַ פֿראַגע: צי אונטערשטיצן זײ די קאָמוניסטישע פּאַרטײ און איר ליניע? אַ דונערדיקער „יאָ“ איז געװען דער ענטפֿער.

די טראָצקיסטישע באַנדיטנ, וועלכע האָבנ געפּרוווט דורכ פאַראַט, שפּיאָנאַזש און שעדיקונג אָפּרייניקנ דעמ וועג פאַר זייערע באַלעבאַטימ—דעמ דייטשישנ און איטאַליענישנ פאַשיזמ, זיינענ געשטעלט געוואָרנ פארנ פאָלקס-טריבונאַל פונ שפּאַניע. ערטערווייז אָבער האָבנ זיי באַוויזנ אָפּטאָנ זייער נידערטרעכטיקע אַרבעט. אַזוי האָט דאָס רעפּובליקאַנישע מיליטער איבער דעמ פאַראַט פונ איינעמ א גענעראַל געמוזט אָפּגעבנ בילבאַאָ.

דעמ 19-טנ יונ 1937-טנ יאָר איז די רעפּובליקאַנישע אַרמיי פונ שפּאַניע אָפּגעטראָטנ פונ בילבאַאָ, קעדיי אויסצושטעלנ די פראָנט-ליניע און פאָרזעצנ דעמ קאַמפ, פול מיט העראָיזמ. די מילכאָמע הויערט. זי נעמט אָנ אַלץ א מער פאַרביטערטנ כאַראַקטער. אַלץ אָפענער און בלוטפּעדיקער טוענ זייער זאַכ די דייטשיש-איטאַליענישע אינטערווענטנ.

אינ די דאָזיקע היסטאָרישע טעג, ווענ עס ווערט אַנטשיידנ די פראַגע וועגנ דער עקזיסטענצ פונ העראָישנ שפּאַנישנ פאָלק און וועגנ איינהיטנ דעמ צווישנפעלקערלעכנ שאָלעמ, פירט טאָג-איינ טאָג-אויס דער אַנטיפאַשיסטישער טריבונ און קעמפער, דער גענעראַל-סעקרעטאַר פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל געאָרגי דימיטראָוו אינ נאָמענ פונ אויספירקאָמ פונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל א קאַמפ פארנ פאַרווירקלעכנ די אַקטיווע הילפ פארנ שפּאַנישנ פאָלק מיצאַד די אינטערנאַציאָנאַלע פּראָלעטאַרישע אָרגאַניזאַציעס. ער ווענדט זיכ צומ סאָציאַליסטישנ אַרבעטער-אינטערנאַציאָנאַל און צו דער צווישנפעלקערלעכער פאַרייניקונג פונ די פּראָפאַריינענ:

„דאָס פאַרכאַפּנ בילבאַאָ דורכ די אינטערווענציאָניסטישע דייטשישע און איטאַליענישע באַוואָפנטע קויכעס און אויכ די בעפיירעשע געפאַר פונ ווייטערדיקע אַגרעסיווע אַקציעס און פּראָוואָקאַציעס מיצאַד די פאַשיסטישע אינטערווענטנ מאַכנ נאָכ נייטיקער דאָס פאַרגיכערנ די דורכפירונג פונ געמיינזאַמע אַרויסטרעטונגענ פונ די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטער-אָרגאַניזאַציעס“.

עס ווערט געשאַפנ אַנ אַקטיווער אינטערנאַציאָנאַלער איינהייטלעכער פּראָלעטאַרישער פראָנט קעגנ פאַשיזמ און קריג, צו פאַרטיידיקנ דאָס שפּאַנישע פאָלק.

אינ די טעג, ווענ דער העראָישער קאַמפ פונ שפּאַנישנ פאָלק ווערט באַזונדערס אָנגעשטרענגט, קומט פאָר דער יונ-פּלענומ פונ

צענטראַל־קאָמיטעט פֿונ דער שפּאַנישער קאָמפּאַרטיי. איר גענעראַל־סעקרעטאַר באַזע דיאַס איז שווער קראַנק. דאָלאָרעס פֿירט דעם פּלענום. דעם 18־טנ יונ 1937־טנ יאָר טרעט זי אַרויס אַפֿנ פּלענום מיטנ גרונט־באַריכט וועגנ דער פּאָליטישער אייניקייט פֿונ אַרבעטער־קלאַס, וועגנ דער פֿאַרייניקונג פֿונ דער קאָמוניסטישער אונ סאָציאַליסטישער פּאַרטייענ פֿונ שפּאַניע.

די פּאָליטישע אונ אָרגאַניזאַציאָנעלע אייניקייט פֿונ אַרבעטער־קלאַס וועט זיכערנ דעם ניצחונ איבערנ צווישנפֿעלקערלעכנ פֿאַשיזם — מעלדעט דאָלאָרעס. עס הערנ זי מיט אָנגעשטרענגטער אויפֿמערקזאַמקייט דער פּלענום, די קריגער אויפֿ די פֿראָנטנ, דאָס גאַנצע לאַנד, דער גאַנצער אַלוועלטלעכער פּראָלעטאַריאַט, אַלע אַרבעטנדיקע מאַסנ אונ זיי צינדנ זיך אָנ פֿאַר נייע העלדנטאַטנ, פֿאַרנ קאַמפֿ קעגנ פֿאַשיזם.

* * *

דער מיטגליד פֿונ דער פּאָליט־ביוראָ פֿונ דער שפּאַנישער קאָמפּאַרטיי אונ איינער פֿונ די סעקרעטאַרנ פֿונ דער פּאַרטיי, קאַנדידאַט פֿאַר אַ מיטגליד פֿונ אויספֿירקאָמ פֿונ קאָמוניסטישנ אינטערנאַציאָנאַל, דער פֿלאַמיקער טריבונ פֿונ שפּאַנישנ פֿאָלק דאָלאָרעס איבאַרורי שילדערט אינ פֿאָלגנדיקע באַשיידענע ווערטער איר אויסגעצייכנטע קעמפֿערישע טעטיקייט:

„פֿונ 18־טנ יול אָנ, זינט ס'האָט זיך אָנגעהויבנ דער פֿאַשיסטישער בונט, האָב איך, פֿאַרשטייט זיך, טאָג אַפֿנ פֿראָנט אונ טאָג אינ הינטערלאַנד אויסגעפֿילט גאָר די אויפֿטראָגנ פֿונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, צו וועלכער איך געהער. אינ גוואַדאַראַמע, ווענ דאָס האָט זיך געפֿאָדערט, האָב איך געשאָסנ פֿונ אַ קוילנוואַרפֿער, כ'האָב אָרגאַניזירט די באַזאָרגונג פֿונ די קריגער מיט דערנערונג, אַז מיר האָט מענ אַרײַנגעלייגט די זאָרג וועגנ די קינדער פֿונ די קריגער, איך האָב געדאַרפֿט אַרויסטרעטנ דורכ ראַדיאָ אָדער פֿאַר די קריגער, וואָס זיינענ געגאַנגענ אויפֿ פֿראָנט".

צווישנ אַט דער אָנגעשטרענגטער, בעמעס גיגאַנטישער אַרבעט שיקט פּאַסיאָנאַריע די מוטער אינ סאַמע קריטישנ מאָמענט פֿונ באַלאַגערנ מאַדריד אַנ אָנזאָג איר זונ אונ טאָכטער:

„איך האָפֿ, אַז ניט געקוקט אויפֿ אַלע מעניעס, אַפֿנ מאַנגל אינ געווער, וועלנ מיר דאָך זיגנ. ס'קאָנ זיינ, אַז מיר וועלנ אומקומענ

אין דעם האָזיקן קאַמף, נאָר דו, מײַן זון, זײַ שטאַרק. געדענק יונגע אונדזער אידעאַל, זײַ גרייט צו קעמפֿן, ניט ווערנדיק אָפּ־הענגיק, זײַ גרייט ביזן טויט מאַקרעוו זײַן זיך פֿאַר אונדזער זאַך. קיינמאָל צווייפֿל ניט אין דעם, אַז קאָמוניזם איז דער איינציקער אידעאַל, וואָס אים דאַרף מען ווידמען דאָס לעבן.

גיב איבער אַמאַליע, אַז איך פֿיל זיך גוט. איך האָב ניט קיין שום ידיעות פֿון דעם פֿאָטער, ווײַל די פֿאַרבינדונג איז איבער־געריסן. אײַך בײַדן גיב איך איבער מײַן ליבע און מײַנע האָפֿענונ־גען. צום ווידערזען, מײַן זון! אײַך קוש שטאַרק אײַער מוטער, וואָס ליבט אײַך מער פֿאַרן אייגענעם לעבן".

דאָלאָרעס איבאַרורי, פּאַסיאָנאַריע, וועלכע איז מיטן לײַב און לעבן איבערגעגעבן דער זאַך פֿון אַרבעטער־קלאַס, דער זאַך פֿון די פֿעלקער, וועלכע קעמפֿן פֿאַר זייער באַפֿרײַונג, פֿאַר זייער נאַציאָנאַ־לער אומאָפּהענגיקייט — איז די סאַמע פּאָפּולערע פֿרוי אין שפּאַניע.

אַף פֿאַרזאַמלונגען, מיטינגען, אינעם הינטערלאַנד און אַפֿן פֿראָנט, אומעטום, וווּ זי באַווײַזט זיך, ווענדן זיך צו איר מיט אַנטציקונג און ליבע די אויגן פֿון מיליאָנען. אויסשליסלעך גרויס איז די ליבע פֿון די מאַסן צו דאָלאָרעס, — צו דער טאָכטער פֿון פֿאָלק, צו דער פֿאַרשטייערין פֿון דער קאָמפּאַרטיי — דער פּאַרטיי, וואָס איז די נעשאָמע פֿון פֿאָלקס־פֿראָנט. אויך די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פֿון שפּאַניע ליבט זי און שטאָלצירט מיט איר. די שטאָלצקייט פֿון דער פּאַרטיי מיט דאָלאָרעס איבאַרורי האָט כאָזע דיאַס אויסגעדריקט אין די פֿאָלגנדיקע ווערטער:

„די אָנפֿירער פֿון אונדזער פּאַרטיי זײַנען באַליבט בײַ די מאַסן. בײַ אונדז זײַנען פֿאַראַן אַזעלכע כאַווײרים, ווי די גרויסע פּאַסיאָנאַריע, אַ באַליבטער כאַווער אין אונדזער פּאַרטיי. זי איז דער טריבון פֿון דער פּאַרטיי, איינע פֿון די אויסגעצייכנטסטע פֿיגורן אין הײַנטצײַטיקער שפּאַניע, וואָס פֿאַרקערפּערט דעם ענטוזיאַזם פֿון גאַנצן שפּאַנישן פֿאָלק. זי איז דער סימבאָל פֿון פֿאָלק פֿון שפּאַניע, וואָס קעמפֿט פֿאַרן ראַטעווען זיך פֿון דער פֿאַשיסטישער קנעכטשאַפֿט. זי איז די פֿאַרקערפּערונג פֿון גרעסטן מעסירעס־נעפֿעש, באַשיידנקייט און מעכטיקער רעוואָלוציאָנערער קראַפֿט. פּאַסיאָנאַריע איז נאָענט דעם פּראָלעטאַריאַט, נאָענט דעם גאַנצן פֿאָלק. זי איז שוין געוואָרן אַ לעגענדאַרישע פֿיגור. ווען פּאַסיאָנאַ־

זיין פֿאַרם אוועק ערגעץ אין דער פּראָווינץ און קומט אריין צו אַן ארבעטער אין שטיבל,—כ'האָב עס אליין געזען און איר זעט אויך געזען אידעס פֿון דעם,—באַרירט מען זי מיט די הענט, קעדיי צו איבערצייגן זיך, צי איז זי ווירקלעך פֿון בלוט און פֿלייש, ווי אַלע אַנדערע".

דאָלאָרעס איבארורי — פּאַסיאָנאַריע טראָגט צו די קריגער-מאַסן פֿון שפּאַניען, קאַטאַלאָניען און באַסקישן פֿאָלק באַגייסטערונג, מונטערקייט, פּראָפּאַגאַנדירנדיק די לאָזונגען פֿון דער קאָמפּאַרטיי פֿון שפּאַניע, וועלכע באַלויכטן דעם שווערן, נאָר גרויסן איבערגאַנג פֿון דער רעפּובליקאַנישער אַרמיי פֿון פֿאַרטיידיקונג צום אָנגריף קעגן פֿאַשיזם.

— מיר וועלן דורכגיין!

— פֿאָרויס צום ניצחון!

מיט דאָלאָרעס איבארורי — פּאַסיאָנאַריע שטאָלצירט דער גאַנצער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאַל, אַלץ, וואָס איז ערלעך און פּראָגרעסיוו אין דער מענטשהייט. זי איז געוואָרן די סימבאָלישע פֿיגור פֿון דעם העראָישן קאַמף פֿון די שפּאַנישע אַרבעטער און פֿון די פֿעלקער פֿון שפּאַניע קעגן פֿאַשיזם אין די אויסלענדישע אינטערווענטן.

